

# שרייבער
# אין קאמף פאר שלום

פארלאג „יידיש בוך“

# שרייבער אין קאמף
# פאר שלום



פארלאג „יידיש בוך“ ווארשע 1952

PISARZE W WALCE O POKÓJ

Zebrał i przetłumaczył
S. GURWICZ

צונויפגעזאמלט און איבערגעזעצט
ש. הורוויטש

Redaktor: L. OLICKI

Okładkę projektował: I. REJZMAN

Printed in Poland

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa 1952 r.

Nakład 5.500 egz. Ark. druk. 9,25 Ark. wydawn. 7,75 Papier dzieł. V kl. 61x86 cm. 70 g.
Nr. zam. 226 Druk ukończono w lipcu 1952 r.
Druk. RSW „Prasa" Warszawa ul Tarczyńska 8 5-B-50567

„כיבין איבערצייגט, אַז נישט די פעלקער, נישט זייערע אַרמייען שטרעבן צו אַ נייער מלחמה, זיי ווילן שלום און שטרעבן צו פאַרזיכערן דעם שלום.

בכדי איינצוהאַלטן דעם שלום און די רו אויף דער גאַנצער וועלט, דאַרף מען צו דער צייט דעמאַסקירן די מלחמה־העצער צו אַ נייער מלחמה און נישט געבן זיי קיין מעגלעכקייט מיסצוברויכן מיט זייערע כוחות קעגן די אינטערעסן פון שלום.

עס זענען צו פריש אין זכרון פון די פעלקער די שווידערלעכקייטן פון דער פאַרגאַנגענער מלחמה, און גרויס זענען די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע פאַרטיידיקן דעם שלום, אַז טשערטשילס שילער אין די ענינים פון אַגרעסיע זאָלן זיי קאָנען באַהערשן און ווענדן אין דער ריכטונג פון מלחמה".

יאָסיף סטאַלין

„אַלץ נייע מיליאָנען זאַמלען זיך אין די רייען פון דעם לאַגער, וואָס זיין יסודותדיקער כוח איז דער ראַטנפאַרבאַנד און זיין פירער און פאָנען־טרעגער איז יאָסיף סטאַלין; פוילן באַטראַכט עס ווי אַ זאַך פון כבוד אַריינצוטראָגן אַ וואָס־גרעסערן צושטייער אין דעם געמיינזאַמען קאַמף.

...מיט אָנגעשטרענגטער געמיינזאַמער אַרבעט וועלן מיר צונישט מאַכן די פלענער פון די אימפעריאַליסטן און אָרגאַניזאַטאָרן פון אַ נייער מלחמה. לאָמיר פאַרטיפן די געפילן פון סאָלידאַריטעט מיטן קאַמף פון די אַרבעטנ־דיקע מאַסן פון דער גאַנצער וועלט פאַר פרייהייט, פאַר גערעכטיקייט, פאַר אַ דויערהאַפטן שלום, פאַר ברידערלעכקייט צווישן די פעלקער, פאַר סאָ־ציאַליזם".

באַלעסלאַוו ביערוט

מאַקסים גאָרקי

## „צום קאָנגרעס"

(נישט קיין געהאַלטענע רעדע אין יאָר 1932)

איך פיל זיך אויסטערליש, באַווייזנדיק אַן אמת, וואָס איז פאַר זיך גופא זעלבסטפאַרשטענדלעך. איך רעד וועגן די אייגנטלעכע שעפער פון דער אַלגעמיין־מענטשלעכער קולטור, פאַר וועלכע די טאַט איז דער קוואַל פון דערקענטעניש, וועלכע פילן טיף אָפּ די פּאָע־זיע פון אַרבעט, וועמען די מענטשהייט פאַרדאַנקט אָן ספק די דער־גרייכונגען פון דער וויסנשאַפט, קונסט; איך רעד וועגן די מענטשן, וועלכע ס'וועט נישט לאָקן דער שמוציקער גן־עדן פון דער בורזשואַ־זיע, וועגן די מענטשן, וואָס וויסן גוט, ווי בעטלעריש־אָרעם אין שעפערישע כוחות ס'איז די היינטצייטיקע בורזשואַזיע, ווי עקל־האַפט ס'איז דאָס לעבן, וואָס איז דורך איר געשאַפן געוואָרן, ווי עס פאַרסמט די מאַסן, די רעזערוון פון שעפערישן כוח און וואָס פאַר אַ צעלייגונג עס רופט אין זיי אַרויס.

פאַר די דאָזיקע שעפער פון דער קולטור האָט די געשיכטע אַוועקגעשטעלט אויף אַ דעצידירטן אופן די פשוטע פראַגע, וואָס איז, אייגנטלעך, נויטווענדיק די פאַרברעכערישע מלחמות פון איין נאַציאָנאַליסטישער גרופּע קאַפּיטאַליסטן קעגן דער צווייטער, מלחמות, וועלכע ענדיקן זיך קיינמאָל נישט, אָדער איז נויטווענדיק אַ מלחמה פון די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער קעגן די קאַפּיטאַ־ליסטן פון אַלע לענדער — אַ מלחמה, וועלכע וועט איינמאָל פאַר אַלעמאָל צונישט מאַכן די מעגלעכקייטן פון בלוטיקע גראַנגלען, דאָס אויסמאָרדן מיליאָנען געזונטע מענטשן, דאָס פאַרניכטן די פּראָדוקטן פון זייער מי?

מיט וועמען דאַרפן גיין אין דער צוקונפט די שעפער פון דער קולטור — מיט מענטשן, וועלכע עקספּלאָאַטירן זייער שעפערישן כוח, ליידן שוין אויף איבערגעזעטיקטקייט מיט איר, האָבן שוין

דאָס אַלץ, וואָס עס קאָנען געבן די דערגרייכונגען פון מאַטעריעלער קולטור; פילן שוין פון לאַנג נישט די נויטווענדיקייט פון אַנטוויקלען די גייסטיקע קולטור און הייבן אָפּילו אָן צו ווירקן אויף צו באַגרע־נעצן איר אַנטוויקלונג? אָדער דאַרפן זיי גיין מיטן נייעם קלאַס, וועמען די געשיכטע רוקט אַרויס אויפן ערשטן אָרט, און וועלכער האָט שוין אין לאַנד, וואָס ציילט 168 מיליאָן מענטשן, גענומען די מאַכט אין זיינע אייגענע הענט?

ג. ב. שאָו

## וועגן סטאַלינען צום זיבעציקיעריקן געבוירן־טאָג

(אַן אינטערוויו פון ספּעציעלן שליח פון „אַהראַדוועניע")

רעדנדיק וועגן סטאַלינען, וויל איך איבערחזרן און אונטער־שטרייכן דאָס, וואָס כ'האָב שוין געזאָגט און געשריבן ניט איין מאָל. סטאַלין איז דער גרעסטער פּאַרטיידיקער פון שלום.

אים פאַרדאַנקט דער ראַטנפאַרבאַנד דעם כוח און די שלאָגנ־קייט, און דער דאָזיקער כוח פאַרזיכערט שלום דער וועלט.

איך האָב שוין איבערגעחזרט נישט איין מאָל, אַז די ציוויליזאַ־ציע איז מעגלעך נאָר אין אַנשפּאַר אויף דער קאָמוניסטישער אָרדע־נונג. נאָר די דאָזיקע אָרדענונג פאַרזיכערט דעם שלום.

דאָס איז אַ פּראָבלעם פון לעבן אָדער טויט. די צוויי פריער־דיקע מלחמות האָבן געשטעלט ענגלאַנד אויף דער שוועל פון באַנקראָט. די רעדעס און אַרטיקלען פון אַזעלכע מיניסטאָרן ווי העקטאָר מאַק־נייל און הערבערט מאָריסאָן דערמאָנען במעט אַלע־מאָל סטאַלינען און דאָס אויף אַ באַליידיקנדיקן אופן. די דאָזיקע הערן גיבן זיך נישט אָפּ קיין דין־וחשבון דערפון, אַז גראָד ער איז דער וועכטער פון שלום.

איך זאָג נאָכאַמאָל: איך בין אַן אָנהענגער פון סאָציאַליזם. איך בין אַ פאַביאַניסט און דערקלער, אַז די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן דורך לענינען און סטאַלינען, האָט באַזיגט דעם טראָצקיזם, שאַפנדיק אַ לאַנד פון קאָלעקטיווער לאַנדווירט־שאַפט, וועגן וואָס, עס האָבן אַמאָל געטרוימט די פאַביאַניסטן.

ראָמען ראָלאַן

## געדאַנקען וועגן שלום

אונזער שלום איז דער שלום פון די פרייע פעלקער, פון די פרייע מענטשן פון אַלע לענדער, וועלכע מוזן זיך פאַראייניקן און וועלן זיך פאַראייניקן קעגן דער מלחמה און די מלחמה-העצער, קעגן דעם פאַשיזם אין אַלע לענדער — אייגענעם און פרעמדן — קעגן דעם אַלעמען, וואָס באַדראָט די פרייהייט, די מענטשלעכע ווירדע און דעם פאָרשריט. ווייל אַלץ, וואָס איז מענטשלעך, איז אונדזערס און אַלץ, וואָס איז פיינטלעך דער מענטשהייט, — יעטוועדער רַסיזם, אַלע מינים אימפּעריאַליסטישע מעטאָדן פון אונ־דזערן, ציפּרעמדן אימפּעריאַליזם — זענען אונדזער שונא. אונדזער שלום עקזיסטירט, פּונקט ווי אונדזער אופן פון טראַכטן, אין דער אינטערנאַציאָנאַלער גערעכטיקייט-אויסמעסטונג.

ל. אַליצקי

## די פעלקער ווילן שלום, די פעלקער האַסן מלחמה

די געשיכטע ווייסט צו דערציילן וועגן בלוטדורשטיקע מענטשן יחידים, אָבער בשום־אופן נישט וועגן בלוטדורשטיקע פעלקער. די מענטשן, ווי נאָר זיי זענען אַרויס פון דעם ווילדקייט־צושטאַנד און ווערט געוואָרן צו טראָגן דעם נאָמען „מענטש", וואָס קלינגט אַזוי שטאָלץ, זענען קיינמאָל נישט גיריק געווען אויף קיין מלחמות, ווייל די מענטשהייט איז גוט אין איר תוך, און די זריעה פון גוטס אין איר האַרצן וואַרט אַפּ מיט גרויסער האָפענונג די ליכטיקע צוקונפט, ווען זי וועט זיך צעבליען אין איר גאַנצער פּראַכט. די אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, איר כסדרדיק באַרייכערן זיך מיט וויסן און קענטעניש, וואָס גיבן איר, וואָס ווייטער אַלץ ברייטערע און בעסערע מעגלעכקייטן פאַר עקזיסטענץ, איינשפּאַנענדיק די נאַטור גופא צו אירע נוצן און גינציקייט, — פירן זי, די מענטשהייט, ממילא אויך צו העכערער פאַרמענטשלעכונג און מאָראַלישער פאַראייִדלערונג פון איר נאַטור.

ווער זענען עס די יחידים, וואָס וועגן זייער בלוטדורשטיקייט ווייסט די געשיכטע יאָ צו דערציילן? דאָס זענען כמו־מענטשן, וואָס דער הערשנדיקער, איבערגעזעטיקטער און פאַרפעציקסטער קלאַס פון אַ געגעבענעם פאָלק, דער קלענסטער לויט דער צאָל, טיילט פון זיך אַרויס זיי זאָלן שיצן זיין מאַכט, זיינע דורך צוואַנג, געוואַלד־טאַט און פאַלשקייט אָנגעהויפנטע רייכטימער, און זיי נאָך מער פאַרשטאַרקן און פאַרגרעסערן. אויפן באַפעל און אונטער דער שענדלעכער, געזאַלצענער רוט פון די דאָזיקע בלוטיקע באַשעפעניש ווערן גאַנצע פעלקער דעמאָראַליזירט, צוגעגרייט „גייסטיק" און פיזיש איבערצופאַלן אַנדערע פעלקער, צו פאַרגיסן זייער בלוט, צו מאַכן זיי אונטערטעניק און זיי פאַריאָכן.

פעלקער זענען נישט בלוטדורשטיק, זיי זענען אַפּט געהעצט. פעלקער זענען נישט אַכזריותדיק, אַ סך פון זיי זענען אָפּט גייסטיק בלינד. דאָס האָבן זיי זייערע באַצווינגער די גייסטיקע אויגן אויסגעשטאָכן.

צי וועט דער דאַזיקער צושטאַנד אָנהאַלטן? ניין, טויזנט מאָל ניין! פֿאַר די אויגן פון אונדזער דור האָט די געשיכטע פון דער מענטשהייט מיט דריי און דרייסיק יאָר צוריק איבערגעמישט אַ גראַנדיעז קאַפּיטל, וואָס טראָגט אין ווייטע דורות אַריין דעם דערהויבענעם נאָמען אָקטאָבער־רעוואָלוציע. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אין געפּלאַטער פון אירע רויטע, הייליקע פאָנען צוגעטראָגן אַ זעקסטל וועלט די פרייהייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס, די פרייהייט פון פעלקער, און דער גאָרער וועלט געבראַכט די נבואה־דיקע בשורה פון אויסלייזונג אין דער נאָענטסטער צוקונפט. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט דערפירט דערצו, אַז אויף אַ זעקסטל וועלט זענען די פעלקער שוין בכלל נישט געשפּאָלטן און נישט געטיילט אויף קלאַסן; נישטאָ ביי זיי קיין הערשנדיקע קלאַסן, וועלכע זאָלן אַרויסשטעלן זייערע בלוט־משרתים צוצוגרייטן די פעלקער צו מלחמות קעגן אַנדערע פעלקער, זייערע ברידער. דאָס דאַזיקע גרויסע לאַנד האָט זיך נאַטירלעכערווייז אויסגעקליבן דעם וועג צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ און דעם ווווילזיין פון זיינע מיליאָנען בירגער — דעם וועג פון פרייוויליקער, באַגייסטערטער סאָציאַליסטישע בויונג, וואָס איז באַזירט אויף פרייער פיזישער און שעפעריש־גייסטיקער אַרבעט, אויף וויסנשאַפט און קונסט פאַר די אַרבעטער־מאַסן; אויף איבערראַשנדיק הויכע דערגרייכונגען, ווי אַ רעזולטאַט פון סאָציאַליסטישן אַרבעטס־פאַרמעסט. דער דאַזיקער וועג איז שוין אַן אויסגעפּלאַסטערטער, באַלויכטן מיט די שטראַלן פון דעם טראָט פון זיין געניאַלן גרונט־לייגער. דער דאַזיקער וועג ליגט אָפן פאַר דער וועלט, ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע פעלקער.

דערפון איז קלאָר, אַז די פעלקער פון דעם דאַזיקן לאַנד, פון ראַטנפאַרבאַנד, ווילן נישט קיין מלחמה, אַז, פאַרקערט, זיי באַטראַכטן יעדע מלחמה ווי די גרעסטע שטערונג אין זייער אויפבוי־אַרבעט, אין זייער דערציען אַ נייעם, פרייען און בוייענדיקן מענטשן; אַז די דאַזיקע פרייע פעלקער האָסן די מלחמה מיטן גאַנצן באַוווסטזיין און פון טיפסטן האַרצן.

און אָט האָט די געשיכטע פאַר די אויגן פון אונדזער דור איבערגעמישט אַ צווייט קאַפּיטל, אין וועלכן די גרעסטע אכזריות

פון חיות אין מענטשן־געשטאַלט האָט זיך איבערגעפּלאַכטן מיט דער שענסטער, הערלעכסטער הערלעכקייט פון דעם פּשוטן מענטשן; דער גרוויליקער היטלער־פאַשיזם און דער העלדישער קאַמף קעגן אים, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן הייליקן נצחון פון דער גערעכטיקייט — דעם הייליקן נצחון, וואָס זיין אָרעאָל אין דער אייביקייט אַריין וועט פאַרבלייבן די שיין פון די רויטע שטערן איבערן קרעמל אין מאָסקווע.

צי באַגערט דער גרויסער דער גרויסער זיגער אַ ווייטערדיקע מלחמה? ניין, און טויזנט מאָל ניין! ער איז בעסער אַרוים אין אַ גיגאַנטישער מלחמה מיט דער נאַטור, אין אַ מלחמה, ווו עס ווערט פאַרגאָסן שווייס פון מענטשלעכן פרייוויליקן און שעפערישן אָנשטרענג, אָבער בשום־אופן נישט קיין מענטשלעך בלוט; אין אַ מלחמה, ווו מענטשן וועלן אין זייער באַגייסטערונג איבערוואַקסן זיך אַליין נישט מיט איין קאָפּ העכער, אָנשטאָט דער וואַרשיינלעכקייט צו ווערן אין אַ מלחמה פון פעלקער מיט אַ קאָפּ נידעריקער.

דערפאַר מאַקע איז ראַטנפאַרבאַנד געוועזן דאָס ערשטע לאַנד, וואָס איז אַרוים צו אַלע פעלקער אין דער גאַרער וועלט מיטן הייליקן אַפּעל פון ברידערלעכקייט פון פעלקער, פון שלום.

און די געשיכטע פירט די פעלקער פאָרויס. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען אויפן גרויסן מוסטער־האַפטן וועג פון סאָציאַליסטישער בויונג און שלום אַוועק די פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער, דאָס ריזיקע, באַפרייטע כינע. זיי בויען און שאַפן זייער אייגענעם וויל, פורעמען אויס ביי זיך דעם נייעם מענטשן און מאָנען ביי די פעלקער פון דער וועלט צוזאַמען מיט די פאַרברידערטע פעלקער פונעם ראַטנפאַרבאַנד: שלום! שלום! שלום!

די פעלקער האָבן דעם רוף דערהערט און מיט אַ מעכטיק ווידערקול צוריקגעשאַלט: שלום צו אייך און אונדז! שלום צו דער גאַרער וועלט!

די מענטשהייט שטייט איצט פאַר אַ ניי, שיין און ערלעך לעבן, וואָס זי אַליין קאָן אויסקעמפן און שאַפן פאַר זיך — זי שטייט פאַר די טויערן פון אַ מענטשלעכן גן־עדן אויף דער וועלט. אָבער די גיפטיקע און פאַלשע שלאַנג, וואָס האָט גורם געווען, אַז אדם־הראשון מיט חוהן זאָלן פון גן־עדן פאַרטריבן ווערן, די זעלבע שלאַנג — שוין נישט קיין מיטאָלאָגישע — וויקלט זיך איצטער אַרום דער שוועל פון גן־עדן — שוין נישט קיין אויסגעטראַכטער — און פאַר־

גיפטעט דאָס באַוווּסטזיין פון די פעלקער און פאַרפירט זיי, זיי זאָלן פון גן־עדן אַפּוועגדן זייערע הערצער און פנימער. דאָס צישען פון דער דאָזיקער שלאַנג, דאָס איז דאָס צישען פון דעם אַנגלאָזאַק־סישן מלחמה־העצער און פון זיינע משרתים צווישן אַנדערע פעל־קער: דאָס איז די „שטים פון אַמעריקע", די „שטים פון לאָנדאָן"; זי רופט אַרויס ביי אונדז אַן עקל, ווי אַ באַריר פון אַ טמא שרץ, עס פלאַמט אויף אין אונדז קעגן איר דער צאָרן. פאַרשאָלטן זאָל זי זיין!

צי דאַרף מען די פעלקער פאַרן שלום ערשט געווינען? צי דאַרף מען זיי ערשט איבערהצייגן אין דער ברכה פון שלום? צי איז נייטיק צוצורייד אַלץ, וואָס גרינט און וואַקסט, עס זאָל זיך ציען אַרויף, צו דער בענטשונג פון ליכט און זון? צי דאַרף מען איינשמועסן די טייך־שטראָמען זיי זאָלן רווישעדיק לויפן צו די בלויע וואַסערן פון ים? צי איז נישט איבעריק דעם פאַרחלשטן פון דאָרשט צוצוגעבן חשק, ער זאָל צופאַלן מיט די צעשפּאָלטענע, צעשאָלעכצטע ליפּן צום פרישן וואַסער פונעם שלאַנגדיקן קוואַל? צי דאַרף מען אויס־פועלן ביים בלוט אין די אָדערן פון יעדן באַשעפעניש, עס זאָל קרייזן צום האַרץ?!

די מלחמה־העצער ווייסן דאָס זייער גוט. דעריבער פוצן זיי אויס, באַצירן זייערע קופּערנע שטערנס מיט קרענץ פון מירטנצ־ווייגלעך. דעריבער הערן מיר ווי שוואַרצע קראָען, וואָס שטייען איבער שאַרבנס פון קאַרעישע עופהלעך, מאַכן נאָך דאָס וואָרקען פון טויבן: ש־ל־ו־ם... דעריבער פאַרנעמט אונדזער אויער דורכן גיפטיקן צישען פון שלאַנגען, וואָס גנבענען זיך אַריבער גרענעצן פון פרעמדע לענדער, דעם הייליקן, אָבער געפעלשטן קלאַנג: ש־ל־ו־ם...

זיי באַמיען זיך, די גיפטמישער, איבערצוצייגן די פעלקער, אַז די טויב פון שלום מיטן מירטנצווייגעלע אין שנאָבל קאָן קומען אויף דער וועלט ערשט נאָך אַ קרייץ־צוג קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד, ערשט נאָכן מבול פון אַ דריטער וועלט־מלחמה: זיי מאַכן גאָטס־פאַרכטיק די ברכה פון שלום איבער די דונערן און בליצן פון זייערע מערדער־אַעראָפּלאַנען אין די הימל־הייכן פון דעם העלדישן קאָרעע, בעת אויף איר, דורך בלוט געהייליקטן באָדן, פאַלן „די מילבן" — קאָרעישע קינדער און זקנים.

פאַרשווּעכט און פאַרשאָלטן ווערן דורך זיי דאָס וואָרט שלום, וואָס ראַנגלט זיך אויף זייערע גיפטיק־שמוציקע ליפּן.

די אבות, די אבות־הטומאה פון די היינטיקע מלחמה־העצער און פאלקס־שונאים האבן אויף דער פוילישער ערד אויפגעבויט קאנצענטראציע־לאגערן, טויט־פאבריקן און קרעמאטאריעס פאר פעלקער, איבער וועלכע ס'האט געפלאטערט די פאן מיטן שווארצן גרויליקן האקנקרייץ; די פארטיידיקער און קעמפער פאר שלום און צווישנפעלקערלעכער ליבע האבן אויף דער זעלבער ערד אויסגעקעמפט און דערהויבן די צוויי שלום־קאנגרעסן — דעם ווראצלאווער און ווארשעווער — איבער וועלכע עס פלאטערן די פענער פון אלע פעלקער, די רויטע פענער פון דעם וועלט־פראלעטאריאט און די בלויע פענער פון שלום מיט דער ווייסער טויב.

צו זענען נישט קלאר דעם „להבדיל" די אויגן פון אלע פעלקער? עס מוזן דאס דערזען אפילו די, וואס זייערע „דעמאקראטישע" רעגירער האלטן זיי אין שטאק־פינצטערניש.

דער קאנגרעס פאר שלום און ליבע צווישן די פעלקער, ווו ס'האבן זיך פארזאמלט די איידלסטע גייסטער פון דער מענטשהייט, די ערלעכסטע קעמפער, וואס זייער היים געווער איז דאס מענטשלעכע געפיל און דאס באגייסטערטעווארט, וואס זייער קאלט געווער איז דער מענטשלעכער אינטעלעקט — וועלן זיין פאר דער מענטשהייט די לייכט־טורעמס, וואס זייער ליכט וועט פארטרייבן און אפווישן אלע פינצטערע געשפענסטער פון דעם צעוויטיקטן פנים פון דער ערד.

זאלן די זויבערע נשמהלעך פון אלע פעלקערס קינדער, אומגעקומענע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, צוזאמען מיט די נשמהלעך פון די קארעישע קינדער, שוין אומגעקומענע און אומקומענדיקע איצט — די נשמהלעך פון די קינדער, וואס ווערן מיט ציטער דערמאנט איצט אויפן צווייטן שלום־קאנגרעס אין ווארשע — זאלן זיי זיך פארוואנדלען אין ווייסע טויבן פון שלום; זאלן זיי זיך צעפליען איבער דער גארער וועלט און אנקלאפן מיט די מירטנצווייגעלעך אין די שויבן פון כאטעס, הייזער און פאבריקן: שלום! זאלן זיי, ווארקנדיק דאס הייליקע ווארט שלום, ארייניגיסן דאס ווייסע ליכט פון זייערע גופימלעך אין דעם שארבן פון יעדן ארבעטער, פויער און ערלעכן מענטשן — אין די מוחות פון די, וואס ווערן נאך פארטונקלט און פארפינצטערט דורך די פאלשע און גיפטיקע רייד פון די מלחמה־העצער — די משרתים פון דעם רויבגיריקן קאפיטאל.

זאָל לויטער ווערן דער געדאַנק, זאָלן שאַרף ווערן דאָס געהער און דער בליק פון די פעלקער — זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון די העצער, זיי זאָלן דערהערן דאָס פאַלשקייט אין זייערע שטי־מען און דערזען די מאַסקעס אויף זייערע פּרצופים, און אָפּשניידן זיי פון זיך, ווי מע שניידט אָפּ אַן אבר, וואָס גאַנגרעניזירט און שטעלט אין סכנה דעם גאַנצן אָרגאַניזם; אָפּשניידן זיי און באַגראָבן אויף אַן אומריין אָרט מיט אַ קללה ביז אין אַלע אייביקייטן אַריין.

זאָל די רואיקייט און די ליבע פון טויבן באַהערשן די וועלט: די רואיקייט פון בוימער, וואָס בויען אויף ערלעכע און זיכערע פונ־דאַמענטן, די ליבע פון מענטשן, וואָס שאַפן בשותפות אַ פריידלעך לעבן פאַר זיך און פאַר אַלע מיטמענטשן.

יעזשי אַנדזשעיעווסקי

## רעדע אויפֿן ערשטן קאָנגרעס פֿון די פּוילישע שלום־פּאַרטיידיקער

ס׳דוכט זיך מיר, אַז דאָס שענסטע געביט פֿון דער שעפֿערישער טעטיקייט פֿונעם מענטש זענען די כסדר אַרויסוואַקסנדיקע פֿון דער געשיכטע מענטשלעכע געדאַנקען און פֿאַרלאַנגען, וועלכע ווילן, נישט געקוקט אויף די געוואַלד־אַקטן און פֿאַרניכטונגען, דינען דעם באַזייטיקן די עוולות,ליידן און אומגערעכטיקייטן. קורצער גערעדט — חברים אין קאַמף פֿאַר שלום! — די שענסטע צווישן די פֿאַרשידענע ווערטן פֿון דער וועלט איז די אַרבעט פֿון די מענטשלעכע מוחות און הענט, ווען זי דינט דעם וווּקס און דער פֿאַרשטאַרקונג פֿונעם מענטשלעכן גליק. מיט רעכט קאָנט איר פֿרעגן: פֿון וואָס פֿאַראַ גליק? מיר ווייסן דאָך, אַז היינט, ווי נעכטן, האָבן מענטשן אין פֿאַרשידענע דערגרייכונגען געזען דאָס גליק, מיט פֿאַרשידענע וועגן זענען זיי געגאַנגען צום ציל, און דאָס, וואָס דוכט זיך איינעם אויס אַלס פֿאַרווירקלעכונג פֿון די פֿאַרלאַנגען, איז פֿאַר די צווייטע אַ פֿאַרטיפֿערונג פֿון דעם אומגליק און די ליידן, און אַפֿילו אַ שאַנד.

אויב כ׳רעד, אַלזאָ, וועגן גליק, האָב איך אין זינען יענע מענטשלעכע שטרעבונגען, וועלכע וואַקסן אַרויס אין קאַמף קעגן דער פֿינצטערניש, פֿאָראורטיילן און עקספּלאָאַטאַציע פֿון מענטש דורך מענטש; וועלכע שעפּן זייער באַגייסטערונג און שווונג פֿון די נייע ווערטן, פֿון די נייע אידעיִשע כוחות, וועלכע זענען פֿעיִק די אַלטע און זיך פֿאַנאַנדערפֿאַלנדיקע לעבנס־פֿאָרמען קעגנצושטעלן פֿאָרמען יונגע און שעפֿערישע.

און ווען מיר רעדן אין דעם זין וועגן דער שיינקייט פֿון דער מענטשלעכער שטרעבונג צו גליק, טראַכט איך, אַז אין אונדזערע צייטן באַלעבט די דאָזיקע שיינקייט מיט איר טיפֿן שטראָם קודם־כּל דעם ריזיקן אינטערנאַציאָנאַלן כּוח, וועלכן די מענטשהייט,

וואָס איר פרייהייט און לעבן איז באַדראָט דורך דעם שגעון פון דער אונטערגייענדיקער וועלט, לייגט אַריין אין דעם קאַמף פאַר שלום.

ס'וועט אַלזאָ נישט זיין — מיין איך — קיין גוזמא, אויב איך וועל זאָגן, אַז ווען צו דער דאָזיקער אידעע ציען זיך אַלע ווינ־טיקסטע פּראָבלעמען פון דער וועלט און ווען אינעם דאָזיקן האַרץ פּולסירט די הייסטע יונגקייט פון דער וועלט, איידלט אויס די שיינ־קייט, וועלכע ס'אַנטהאַלט דאָס ליב האָבן פון שלום, אויך אונדז אַלע פאַר שלום קעמפנדיקע, ווייל וועגן דער שיינקייט פונעם מענטשלעכן געדאַנק און פאַר דער שיינקייט פון דער מענטשלעכער האַנדלונג דעצידירט דער ציל, וואָס לויכט אים צו, און ווען מיר וועלן די גאַנצע אַרבעט אונטעראָרדענען די גרויסע צילן, דעמלט באַ־קומט אויך די אַרבעט גופא שטריכן פון גרויסקייט.

די פאָלקס־מסורות פון אַלטערטימלעכן גריכנלאַנד האָבן אונדז איבערגעגעבן פון די ווייטע דורות פאַרשידענע לעגענדעס, און צווישן זיי איינע, וועלכע דערציילט, ווי אַזוי דער יונגער אַטענער טעזעוס האָט אויפן אינזל קריט באַזיגט אַ מאָנסטער, וועלכן מע האָט גערופן מינאָטאַור, דער דאָזיקער מאָנסטער מיטן געשטאַלט פון אַ מענטש און אַ קאָפּ פון אַ ביק, האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן בנין מיט טויזנטער חדרים, וואָס האָט געהייסן לאַבירינט. דער קי־ניג פון קריט מינאָס, האָט מינאָטאַורן צוגעשטעלט צום פאַרצוקן מענטשן, וואָס זענען צו דעם צוועק צוגעשטעלט געוואָרן דורך די באַזיגטע פעלקער. און דערפאַר ווייל אַטען האָט אויך געמוזט צאָלן אַזאַ בלוט־שטייער, האָט טעזעוס באַשלאָסן צו באַפרייען דאָס פאַ־טערלאַנד און דערהרגענען מינאָטאַורן. ער האָט דאָס געטאָן, אָבער ער וואָלט פאַרבלאָנדזשעט אינעם ריזיקן לאַבירינט, ווען מינאָסעס טאָכטער, אַריאַדנאַ, וואָלט אים נישט געגעבן אַ קנייל פאָדעם. אַדאַנק דעם דאָזיקן קנייל, אַנצייכענענדיק זיך דערמיט דעם דורכגעמאַכטן וועג, האָט טעזעוס זיך געקאָנט אַרויסקריגן פון דעם קאָמפּליצירטן בנין אויף דער פריי.

מיר לעבן נישט אין קיין לעגענדאַרער צייט, און אונדזער אַרי־אַדנע־פאָדעם, וואָס דערמעגלעכט אונדז צו דערקענען דעם וועג, אויף וועלכן מיר גייען קעמפנדיק פאַר שלום און גליק, מוזן מיר אַליין פעסט וועבן מיט דער אייגענער סאָלידאַרער דערפאַרונג און אָנשטרענג. וואָס איז אַזוינס דער דאָזיקער פאָדעם, וואָס האָט אין אַלטן גריכנלאַנד אַזוי באַהילפיק געווען ביים באַזיגן דעם בלוט־

גיריקן מאָנסטער? פאַר אונדז, וואָס טראָגן די שיינקייט פון דער אידעע פון שטאַנדהאַפטיקן שלום אויף דער וועלט, איז דאָס קודם־כל די קענטעניש טרעפלעך צו דערקענען און אָנצורופן ביים נאָמען אַלע געפאַרן, וועלכע דראָען אונדז אויף אונדזער וועג און וועלכע דער שונא שטעלט אויף ווי פאַרעטערישע פאַסטקעס און גריבער פאַר אונדז און אַרום אונדז. און אויב דער לעגענדאַרער מאָנסטער האָט געביטן זיין נאָמען און הייסט היינט אימפּעריאַליזם און פאַר־מאָגט הונדערטע באַנקירישע קעפּ און פונקט אַזוי פיל קעפּ פון וואָפן־פאַבריקאַנטן, אויב דער פאַרצייטיקער לאַבירינט איז געוואָרן דאָס אָרט פאַר די צוגרייטונגען צו אַ נייער מלחמה, אַן אָרט פון טויזנטער שקרים, פּראָוואָקאַציעס, שאַנטאַזשן און פאַרברעכנס, באַגאַנגענע און פּלאַנירטע, מוזן מיר די וועגן, וואָס פירן דורכן דאָזיקן פאַרעטערישן לאַבירינט נישט בלויז גוט דערקענען, נאָר פאַנאַנדערלייגן אויף אַזאַ אופן, אַז קיין איינער פון די חדרים פונעם היינציטיקן מאָנסטער זאָל נישט בלייבן אין פאַרמאַסקירטער טונקלקייט אָדער אין פאַלשער האַלב־שאָטנדיקייט.

דערלויבט מיר דורכצופירן דורך איינעם פון די חדרים, וואָס איז, קאָן זיין, פון אַלע זאַלן פון וואַשינגטאָנער לאַבירינט באַצירט מיט דער גרעסטער צאָל דערהויבענע געפילן און באַגריפן. אַ געהיי־ליקטער מיט דורות טראַדיציע און אַרומגערינגלט מיט דער אַכטונג פון פיל מענטשן פון פאַרשידענע פעלקער, דינט ער אָבער לײַדער, די זעלבע מלחמה־צילן, ווי די אַנדערע ערטער פונעם דאָזיקן גרוי־ליקן בנין, וועלכער פאַרבאַהאַלט אין זיינע ווענט די גאַנצע צביעות און מיאוסקייט פון דער וועלט, וואָס באַרוט אויף דער מעכטיקייט פון דאָלאַר. דער זאַל, וועלכן איך מיין, הייסט: וואַטיקאַן.

טייערע פריינד מיינע!

מיר זענען אין איצטיקן מאָמענט רעפּרעזענטאַנטן פון אַכצן מיליאָן פּאָליאַקן, מענער און פרויען, וועלכע האָבן, אונטערשרייבנ־דיק זייערע נעמען און פאַמיליע־נעמען אונטערן שטאָקהאָלמער אַפּעל, פעסטגעשטעלט דערמיט, אַז זיי ווילן נישט קיין מלחמה, אַז זיי ווילן שלום. מיר געפינען זיך דאָ צוזאַמען, אַן אַרבעטער לעבן אַ געלערנטן, אַ פּויער נעבן אַ קינסטלער, אַ גלח נעבן אַ פּאַרטיי־טוער. מיר זענען נישט ענלעך צו זיך, ווי סעריעוויז פּראָדוצירטע שיך. מיר זענען מענטשן. מיר זענען לעבעדיקע מענטשן. טייל פון אונדז זענען מאַרקסיסטן, די אַנדערע קאַטאָליקן. אָבער וואָס פאַר

אן אונטערשיידן עס זאָלן אונדז נישט טיילן — אייניקט אונז אלע די איבערהצייגונג, אַז דער מענטש איז דאָס ווערטפולסטע אין לעבן און דעם מענטש דאַרף מען אייזדעלער מאַכן — נישט דערנידעריקן, דער מענטש דאַרף אָטעמען מיט פרייהייט — און נישט אונטער־געוואָרפן ווערן דער קנעכטשאַפט און דעם געוואַלד. דעריבער אייניקט אונדז די אידעע פון שלום, און איר שיינקייט רייסט מיט קאָמוניסטן, ווי קאַטאָליקן, ווייל דעם שלום פאַרזיכערט פאַר די יחידים און פעלקער די מעגלעכקייט צו בויען סיי דעם היינטיקן טאָג, סיי דעם מאָרגן, וועלכע זענען און וועלן בעסער זיין פון די פאַרגאַנגענע טעג. מיר האָבן ליב דאָס שעפערישע לעבן, מיינע פריינד, אָט דאָס איז אַלץ! עס פרייען אונדז די נייע הייזער און גאַסן פון וואַרשע; עס פרייען אונדז די יונגע וועלדער פון ראַטנפאַרבאַנד, פונעם לאַנד, אין וועלכן דער מענטש ווידמעט די דורכדרינגלעכקייט פונעם געדאַנק און די געניטקייט פון די הענט, דעם כסדרדיקן הייבן דעם ווילשטאַנד און די קולטור; ס'רירט אונדז די דייטשישע יוגנט פון פ.ד.י., וואָס טראָגט אונדז ווערטער פון פריינדשאַפט פון דאָרט, וו ס'האָט נאָך נישט לאַנג צוריק געבליניעט שנאה; ווי דאָס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אונדז גופא, גייט אונדז אָן דער העלדישער קאַמף פון קאָרעע און וויעטנאַם; טיף רירט אונדז יענער אַלטער פראַנצויזישער באַן־אַרבעטער, וועלכער האָט אויף דער פראַגע פון דער פאָליציי, פאַרוואָס ער האָט פאַרהאַלטן דעם צוג מיט אַמעריקאַנישער אַמוניציע, בעת ער האָט דעזוען ליגן אויף די רעלסן אַ יונג מיידל, געענטפערט: מע קאָן נישט דערהרגענען דאָס פרייע פראַנקרייך; עס דערמונטערט אונדז און פילט אָן מיט פרייד יעדע קלענסטע אַפילו דערגרייכונג, וואָס דינט אָבער דעם אויפהאָדעווען די יונגע פלאַנצן פונעם נייעם לעבן. אויב אָבער אונדז, פאַרזאַמלטע אינעם דאָזיקן זאַל, פאַרבינדט, פונקט ווי אונדזער גאַנץ פאָלק, די ליבע צום שעפערישן לעבן, די ליבע צום שלום, וואָס דערמעגלעכט דעם דאָזיקן לעבן צו וואַקסן און זיך פעסטיקן — מוז אונדז אויך פאַרבינדן די נויטווענדיקייט צו זאָגן דעם אמת, כדי דער שונא פון אונדזערע אידעאַלן און אונדזערע פאַרלאַנגען, ווו נאָר ער געפינט זיך און אין וואָס פאַרא פאָרם ער זאָל נישט פירן זיין טעטיקייט, זאָל דעמאַסקירט און געשטעמפלט ווערן.

ווען מיר וועלן, אַלזאָ, אינעם אימפעריאַליסטישן לאַבירינט באַלייכטן דעם וואַטיקאַנישן זאַל, וואָס פאַר אַן אויפשריפטן פון

דער געשיכטע וועלן מיר איבערלייענען אויף זיינע וועגט? אָט זענען עטלעכע פון זיי פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

ווען אין ניינצענטן יאָרהונדערט האָבן פיל פעלקער, און צווישן זיי אויך דאָס פוילישע פאָלק, אויפגעהויבן די פענער פון פרייהייט קעגן די טיראַניע פון די קיניגן און זעלבסטהערשער, אויף וועמענס זייט האָט זיך תמיד געשטעלט דער וואַטיקאַן? ער האָט זיך שטענדיק געשטעלט אויף דער זייט פון די האַבסבורגס, האָהענצאָללערנס און בורבאָנען, און דאָס פאָלק, וואָס קעמפט פאַר זיין פרייהייט, געלייגט אין חרם.

נאָכן שליסן מיט מוסאָלינין דעם לאַטעראַנער פאַקט, האָבן די קינדער אין די איטאַליענישע שולן געמוזט זאָגן פאָלגנדיקע תפילה: גאָט שיץ דעם דוטשע, כדי ער זאָל קאָנען לאַנג לעבן פאַר דעם פאַשיסטישן איטאַליע.

דער וואַטיקאַן האָט געגעבן מוסאָלינען די ברכה אויף דער מלחמה קעגן אַביסיניע.

ווען אין שפּאַניע איז אויסגעבראָכן דער פאַשיסטישער אויפשטאַנד קעגן דער רעפּובליק — האָט זיך דער וואַטיקאַן געשטעלט אויף דער זייט פון גענעראַל פראַנקאָ.

און הייַנט? הייַנט גייט די פּאָליטיק פון וואַטיקאַן אויף אַן אופן, וואָס אונטערליגט נישט קיין שום ספקות, אויף דער זעלבער ליניע, ווי די פּאָליטיק פון וואַשינגטאָן. דער ראַדיאָ פון וואַטיקאַן און די שטים פון אַמעריקע רעדן מיט דער זעלבער שפּראַך, און די גרויסע רעדע פונעם פויפּסט פיוס דעם 12־טן יוני 1947 איז דורך דער אַמעריקאַנישע פרעסע באַצייכנט געוואָרן ווי אַ „ווערטלעכע איבערזעצונג פון די באַהויפּטונגען פונעם שטאַטס־סעקרעטאַר מאַרשאַל". דער וואַטיקאַן אָנערקענט נישט אונדזערע גרענעצן אויף דער אָדרע און ניסע. דער זעלבער וואַטיקאַן, וועלכער האָט קיינמאָל נישט אומקאָמפּראָמיסלעך פאַראורטיילט די פאַשיסטישע פאַרברעכנס, האָט אין יוני י. 1949 געוואָלט לייגן אין חרם די מיטגלידער און סימפּאַטיקער פון די קאָמוניסטישע און אַרבעטער־פּאַרטייען, ווי אויך די, וועלכע אַרבעטן מיט דירעקט מיט זיי, וועלנדיק אויף אַזאַן אופן אָפּרייסן פון די פרייהייט־און שלום־באַוועגונגען די קאַטאָליקן, וואָס סאָלידאַריזירן זיך מיט זיי. און דעריבער רייסט זיך אָפּ דער

וואַטיקאַן פון דער אַלוועלטלעכער שלום־אַקציע, דערקלערנדיק איר כאַראַקטער ווי אַ באַוועגונג פון אַן איינזייטיקן קאָמוניסטישן כאַראַקטער. זאָגן דען נישט די אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן דאָס זעלבע? וואָס פאַר אַ צביעות! דער הונדערטקעפּיקער מאָנסטער, דעמאַסקירט און פאַרפאַלגט אין זיין לאַבירינט, רעדט זיך איין, אַז אויסנוצנדיק די רעליגיעזע געפילן פון די אַרבעטס־מענטשן וועט אים געלינגען די דאָזיקע גלוביקע צו פאַרשליסן אין דער פינצטערניש פון דער וואַטיקאַנישער פּאָליטיק. אָבער ווער דעמאַסקירט דען בעסער די דאָזיקע אינטריגע ווי די קאַטאָליקן גופא? מיליאָנען קאַטאָליקן, האָבנדיק דעם באַוווסטזיין, אַז די אַקציע פון קאַמף פאַר שלום שטייט העכער פון די אונטערשיידן אין די וועלט־אָנשוינגען, האָבן אונטערגעשריבן אויף דער גאַנצער וועלט דעם שטאָקהאָלמער אַפּעל. ס׳האָבן אויך אונטערגעשריבן דעם דאָזיקן אַפּעל צאָלרייכע מאַסן פוילישע קאַטאָליקן: פויערים, אַרבעטער, אַרבעטנדיקע אינטעליגענטן. אין דעם דאָזיקן זאַל, וואָס רעפּרעזענטירט אונדזער שיין שלום־ליבנדיק פאָטערלאַנד — זעען מיר עטלעכע צענדליק גלחים. די אָנוועזנהייט פון די דאָזיקע שלום־ליבנדיקע פּאַטריאָטן איז דער בעסטער פּאַקעל, וואָס באַלייכט די פינצטערניש פון די ליגנס און רכילותן.

וויפל מאָל אין משך פון דורות האָט די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע אויסגענוצט פאַר אירע צוועקן די רעליגיעזע געפילן! היינט אָבער, ווען די ברייטע מאַסן אַרבעטס־מענטשן הן גלוביקע, הן נישט־גלוביקע הייבן זיך אָן וואָס אַמאָל קלאָרער אָפּגעבן אַ חשבון פון די היסטאָרישע ענדערונגען — הערן אויף די רעליגיעזע געפילן צו זיין אַ פּאַסיוו געצייג אין די הענט פון די, וועלכע שרעטן אַלע מענטשלעכע ווערטן, אַלזאָ אויך די רעליגיעזע. פאַרקערט, די רעליגיעזע געפילן און די רעליגיע, באַפרייט פון די קייטן פון דער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק, הייבן אָן מיט אַן אַלץ שטאַרקערן שטראָם אַריינצוגיסן זיך אינעם פלוס פון די ענדערונגען, וואָס געשטאַלטיקן דאָס נייע פּנים פון דער פּראָגרעסיווער, פרייער און דעמאָקראַטישער וועלט.

אויב די שנאה צו די סאָציאַלע ענדערונגען, און אין דער ערשטער ריי צו דער מאַרקסיסטישער וועלט־אָנשוינג דיקטירן דעם וואַטיקאַן די פּאָליטיק פון אונטעראָרדענען זיך די אינטערעסן פון דעם אימפּעריאַליסטישן מאָנסטער — פירן די רעליגיעזע געפילן פון די גלוביקע און די באַדערפעניש פון אמת אין אַ פאַרקערטער

ריכטונג: צום גרויסן, אינטערנאַציאָנאַלן לאַגער פון שלום. און נע־
פינענדיק זיך אין דעם דאָזיקן לאַגער, קאָנען זיי האָבן די אומגע־
וואַקלטע זיכערקייט, אַז סיי זייערע רעליגיעזע געפילן סיי זייער
גלויבן וועלן נישט פאַרגעוואַלדיקט ווערן, אַז געניסנדיק פון דער
פולער פרייהייט — קאָנען זיי דינען דעם קאַמף פאַר דער פרייהייט
און שלום אויף דער וועלט, אַלזאָ, דעם קאַמף פאַרן גליק פונעם
מענטש, פונעם פאָלק, פון דער מענטשהייט.

לואי אַראַגאָן

## דער קאָנגרעס אין באַזעל

אין האַרבסט 1912 איז פאָרגעקומען אין באַזעל דער אינטערנאַציאָנאַלער אַנטי־מלחמה־קאָנגרעס, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן דורכן עקזעקוטיוו פון די דעמלטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטייען אין אייראָפּע. ס׳האָבן אין אים אָנטייל גענומען די פירנדיקע סאָציאַליסטן פון כמעט אַלע אייראָפּעיִשע לענדער. אין דער אַטמאָספער פון מלחמה־העצעריי, וואָס האָט באַגלייט די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט מען אָנגענומען אַ רייע רעזאָלוציעס, וועלכע האָבן פאַראורטיילט דעם חשק פון די אימפּעריאַליסטן און קאַפּיטאַליסטן פאַנאַנדערצופלאַקערן אַ בלוטיקן מלחמה־שטורעם און פאַרטיידיקט די פּרינציפּן פון פרידלעכן צוזאַמענלעבן פון די פעלקער.

דעם קאָנגרעס אין באַזעל שילדערן די לעצטע זייטן פון לואי אַראַגאָנס דערציילונג אונטער נאָמען: „די גלאָקן פון באַזעל". פון דאָרטן נעמען מיר אַרויס די פאָלגנדיקע פראַגמענטן:

„דעם 24־טן נאָוועמבער 10 אינדערפרי איז אין בורגפאַגטייהאַלע דערעפנט געוואָרן דער קאָנגרעס דורכן בעלגיער אַנזעל, וועלכער האָט פאַרטראָטן דעם קראַנקן וואַנדערוועלדע. 2 בעלגיער זענען געווען אַסעסאָרן: קאַמיל הייסמאַנס און י. י. פערנעמוט. פאַבלאָ איגלעס איז נישט געקומען צו דער דערעפענונג. אין פּרעזידיום האָבן זיך געזעצט: בעבל, וואַיאַן, קאַוטסקי, אדלער, זשאָרעס, קער האַרדי, בראַנטינג, ראָזע לוקסעמבורג, פערנערסטאַרפער, גרוויליך און סאַקאַסאַף. דער סאָציאַליסטישער כאָר פון באַזעל האָט אויסגעפירט אַ קאַנטאַטע. פינף הונדערט דעלעגאַטן האָבן געענטפערט אויפן אַפּעל.

„די ערשטע רעדע האָט געהאַלטן דער באַזעלער סאָציאַליסט וווּרשלעגער אין נאָמען פון דער אָרטיקער פאַרטיי־אָפּטיילונג און אין נאָמען פון דער רעגירונג. ער האָט געבראַכט אַ זייער דערפריי־

ענדיקע דערקלערונג: דער פּראָלעטאַריאַט איז נישט געווען פאַר־איינזאַמט אין זיין שטרעבונג אַרויסצוטרעטן אין קאַמף קעגן דער מלחמה: „געוויסע אויפגעקלערטע קרייזן פון דער בורזשואַזיע פאַר־אייניקן זיך דערצו פון די טיפעניש פון האַרצן. ביינאַנד דערמיט האָבן מיר געקאָנט באַקומען אין אונדזער רשות די קאַטעדרע פאַר דער שלום־דעמאָנסטראַציע ווי אויך אַ באַגריסונג פון די אָנפירנ־דיקע מאַכט־אָרגאַנען פון באַזעל צום קאָנגרעס"...

אין דרויסן האָט דער גרויסער גלאָק פון דער קאַטעדרע קאָ־מענטירט מיט זיין שטים, וואָס איז געקומען פון די טיפענישן פון דורות, דעם אָפּטימיזם פון ווערשלעגערן.

פון אַלע עקן שטאָט איז אָנגעקומען וואָס אַמאָל מער אַ פאַר־שידנאַרטיקער עולם. עס זענען געגאַנגען דעלעגאַציעס מיט איינגע־וויקלטע פענער. ס'איז געגאַנגען אַ דריבנע רעגנדל, און מענטשן האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ אַ שאָד... אָבער וואָס קאָן מען דען דערוואַרטן פון דער דאָזיקער צייט פון יאָר? די שטובן האָבן זיך אויסגעליידיקט, די פויערים זענען אַריינגעקומען אין שטאָט. די ביר־האַלעס זענען געוואָרן איבערגעפולט. אַלע זענען געגאַנגען צו די קאַזאַרמעס. פאַר דער געביידע פון קאָנגרעס איז געשטאַנען אַן עולם. די דעלעגאַטן זענען פון דאָרטן אַרויס פאַר מיטאָג־צייט און אַרומגענומען געוואָרן פון אַ צודרינגלעכער נייגעריקייט מצד דעם עולם. דאָס קול פון די גלאָקן איז געוואָרן וואָס אַמאָל העכער, אַלץ צוואַיילנדיקער, אָן אַן אָפּהאַלט.

עס האָט גאָרנישט געהאָלפן דער באַוווסטזיין, אַז די קאַטעדרע איז אויף דער זייט פונעם קאָנגרעס, אַז אין הער קאַטעדרע וועט אָפּהילכן דאָס וואָרט פון שלום. די שטים פון די גלאָקן האָט אַלץ אומברחמנותדיקער געשלאָגן אויף אַלאַרם. זיי האָבן אויסגעקלונגען מלחמה געפאַר, זיי האָבן נישט געקאָנט זיך אָפּגעוויינען פון זייער אייביקער ראָל. זיי האָבן געקרעכצט, ווי אין די צייטן פון קאַרל דעם גרויסן. צי איז ווידער די געפאַר נישט אָנגעקומען פון דער זייט פון דעם הייליקן קעניגרייך? דאָס איז געווען אַזוי ווי אַ מע־לאָדיע, וואָס פּאַסט זיך נישט צו די ווערטער פון הער ליד. די גאַסן האָבן געשווימלט מיט פאָלקס־קליידער, קורצע הייזלעך, פרישע העמדער, גרינע היטלעך. אין די הויפן — אַ פייפן פון פליטן.

לעבן די קאַזאַרמעס האָט זיך פאַרמירט אַ צוג.

אַ ריזיקער עולם האָט אַרומגערינגלט די שלאַנג. וואָס האָט געציילט דרייסיק טויזנט קעפּ. מענטשן זענען געקומען פון באַדען,

פון עלזאס און לאָטאַרינגען, פון גאַנץ שווייצאַריע. דער צוג איז געווען אַ געשלאָסענער, ס׳איז געגאַנגען אָרעם ביי אָרעם. אומעטום פענער און פענער. מיט דער רויטקייט פון די פענער האָט זיך צו־נויפגעמישט די בלומיקייט פון די פאַרבן, באַפוצונגען, קאָסטיומען. 12 פאַנפאַרן האָבן אויסגעשפּילט מעלאָדיעס, וואָס האָבן פאַרטויבט איינע די אַנדערע — פון „האַנץ דע וואַכעס" ביזן „אינטערנאַציאָ־נאַל". איבער דעם האָט אָן אויפהער גערוישט דער רעפרען פון די גלאָקן.

אין שפּיץ פונעם צוג האָבן זיך באַוועגט הונדערט ציקליסטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, מאַכנדיק ריין דעם וועג. זיי זענען געפאָרן מיט אַזאַ שווערער פאַמעלעכדיקייט, וואָס האָט דערפירט דערצו, אַז פלוצעם האָט דער און יענער, איינער און אַ צווייטער, נישט קאָנענדיק זיך צופּאַסן צו איר, האָט זיך שנעל אַרויסגערוקט אין אַ זייט. די גאַסן האָבן זיך געעפנט פאַר דעם דאָזיקן שלום־שוואַדראָן. נאָכהער איז געגאַנגען די סאָציאַליסטישע יוגנט פון באַזעל. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די אידיליע.

דאָס זענען געווען הונדערטער יוגנטלעכע אין נאַציאָנאַלע טראַכטן: איר קאָנט זיך פאָרשטעלן צוואַנציקיעריקע ווילהעלם טעלס, וואָס גייען צוזאַמען — אין אַ קאַפּעלושל, אַ העמד מיט ברייטע אָרבל, גרינע שעלקעס; אַ נאַקעטע קני, וואָס שטעקט אַרויס פון די היזלעך, אַ בויגן פון דער זייט. זיי האָבן מאַרשירט ביים שלאָגן פון די אַרכאַישע גלאָקן, ווי דער ערשטער קרבן, וואָס איז געשענקט געוואָרן דעם גאָט פון מלחמה. די דאָזיקע אָפּערע־העלדן האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אונטערן פייער פון אַרטילעריע. זיי האָבן זיך באַוועגט ביי די קלאַנגען פון די פייפלעך, שפּילנדיק און שפּרינגענדיק, נישט געקוקט אויפן אומעטיקן נאָוועמבער. די דאָזיקע דאָרפישע חתונה האָט דוכט זיך נישט געהערט די לוויה־קלינגעריי, וואָס האָט איצט באַהערשט די שטאָט, ווי דער אומ־באַשטרייטלעכער האַר.

נאָכן מאַניפעסטאַציע־צוג פון די ווילהעלם טעלס זענען געגאַנ־גען מיידלעך אין ווייסן, אין קליידער פון אַנטישן סטיל, פאַראייניקנ־דיק עפּאָכעס און מיטאָלאָגיעס. אייניקע צופוס, אַנדערע אויף וועג־גענער. זיי האָבן געטראָגן די עמבלעמען פון שלום מיט טויבן, מיט סנאָפּקעס און אַרבעט־געצייג פון קאַרטאָן. כמעט ביי אַלע זענען געווען פאַנאַנדערגעלאָזט די האָר.

קינדער, ווייס אָנגעטאָן, אין קורצע טוניקעס, האָבן געפּאַכעט מיט פלאַמען-צווייגן, אויף וועלכע ס'איז געווען אָנגעשריבן מיט גאָלדענע אותיות, אַז ס'איז ערנפולער אויסצוטריקענען טרערן, איידער צו פאַרגיסן בלוט. און גלייך נאָך דער גרופּע זענען געגאַנגען — נישט קריסטוס, וואָס פאַרט אַריין קיין ירושלים, נאָר זשאָרעס טונקל געקליידעט און קאָוטסקי. די דעלעגאַטן זענען געגאַנגען צווישן פענער, וואָס זענען געווען זייער אַסך. מיינסטנטייל זענען דאָס נישט געווען קיין פּשוטע, רויטע פענער, נאָר מיט עמבלעמען פון צעכן, וואָס האָבן אַריבערגעטראָגן די צוקוקער פון דער העפּילאַדע אין די צייטן פון מיטלאַלטער.

אויף איינעם פון די רייטוואָגנס, וואָס איז געווען דעקאָרירט אויסשליסלעך מיט ווייסע בלומען, האָט די קעניגן פון שלום, אַרומגערינגלט דורך די דאַמען פון קעניגלעכן הויף, געבלאָזן אין אַ זילבערנעם האָרן. אַזוי אַרום האָט דער צוג געהאַט עפּעס געמיינזאַמס מיט אָפּערע און קאַרנאַוואַל. אָבער די פאַנאַנדערגעוויגטע גלאָקן האָבן ווי אַ מיסטיק געענטפערט אויף דער מענטשלעכער לייכטזיניקייט, אויף דעם וווּנדערלעכן פעלן פון ערנסטקייט, אויף דעם פאָן, פון וועלכן עס האָבן זיך אָפּגעשלאָגן די קאָנצענטרירטע פנימער פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פירער.

די נאַציאָנאַלע גרופּן, היפּש אָפּגעטיילט איינע פון דער צווייטער, זענען געגאַנגען מיט געזאַנג. דייטשן, אונגאַרן, כאָרוואַטן, פראַנצויזן, בעלגיער, ענגלענדער, רוסן. דאָס געזאַנג איז נישט געווען קיין איינהייטלעכס. יעדעס לאַנד האָט געהאַט זיין ליד. די פראַנצויזן האָבן געקענט בלויז דעם אינטערנאַציאָנאַל. דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען האָט אַ שרעקלעך צעקריגט, האָט פּאַראייניקט דאָס שלאָגן פון די גלאָקן, וואָס איז וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געוואָרן. פיר אַרבעטער האָבן געטראָגן אַ ריזיק בוך, אויף וועלכן עס זענען געווען אויפגעשריבן די ווערטער: נידער מיט געווער!

ווען דער צוג איז אָנגעקומען צו דער קאַטעדראַלע האָט מען געזען, ווי די פענער זענען זיך צונויפגעלאָפן צום הויפּט-פּאָרטאַל און האָבן ווי געשאַפן איין גרויסע, רויטע רויז, וואָס איז אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין פּיסק פון אַ ריז. די מענטשלעכע כוואַליעס זענען אַריינגעדרונגען אין דער קאַטעדראַלע און האָבן זי אויסגעפילט ביז אין די קלענסטע ווינקעלעך. צוויי מאָל אַזויפיל, וויפל עס האָבן געקאָנט דאָרטן געפונען פּלאַץ, זענען געבליבן אין דרויסן, אַרום צוואַנציק

טויזנט פערזאָן. זיי האָבן זיך געשטעלט אַרום דער קאַטעדרע, דער־עיקר אויפן טאַראַס ביים רייַן, און זיך צעטיילט אויף פיר גרויסע מיטינגען, ווו עס האָט צווישן אַנדערן גערעדט וואַיאַן.

איינגעשלונגען צען טויזנט סאָציאַליסטן, האָט די קאַטעדרע נאָך געוואָרפן אין הימל אַריין שטאָלענע געוואַלדיקע קולות, און נאָכדעם זענען תיכף שטיל געוואָרן די גלאָקן, און עס איז געווען איצט ווי פאַר אַ הויז ווו עס ליגט אַ שטאַרבנדיקער, ווען מ'בעט אים אויס שטרוי אויף דער גאַס.

די גלאָקן האָבן געהערט די רעדנער.

די געשיכטע־כריסטאָמאַטיעס וועלן אַמאָל דערציילן, וואָס פאַר אַן אייהעלע רעדעס און גרויסע געדאַנקען עס האָבן אָפּגעקלונגען אויפן קאָנגרעס אין באַזעל. דאָ איז דאָס נישט אונדזער אויפגאַבע און נישט אונדזער אַמביציע. ווען זיי וועלן ווייזן בלאָקערן, דעם סאָציאַליסטישן רעגירונגס־שעף אין באַזעל, וואָס האָט זיך געניגט פאַר דער קריסטלעכער רעליגיע ווי פיל אַנדערע רעדנער, וואָס האָבן נישט געקאָנט קומען צו זיך צוליב דעם, וואָס זיי רעדן הינטער די געוועלבן פון דער קאַטעדרע; ווען זיי וועלן ווייזן דעם אַלטן בעבעל, וואָס האָט געהאַנקט דעם ביסקופּ און פעסטגעשטעלט, אַז ווען קריסטוס וואָלט זיך אומגעקערט אויף דער וועלט, וואָלט ער צוגעשטאַנען נישט צו די קריסטן נאָר צו די סאָציאַליסטן; ווען זיי וועלן איבערחזרן די ווערטער פון אַלטן בעבעל, וואָס האָט געטענהט, אַז די, וואָס זאָגן: „שלום אויף דער ערד, די מענטשן פון גוטן ווילן", וועלן האָבן נאָך אַ גרעסערע פרייד, ווען זיי וועלן אַרויפגיין אויף דער אַמבאָנע, בכדי צו שטויסן דאָס פאָלק צו דער מערדערלעכער מלחמה, צו פאַרניכטן די מענטשהייט און חרוב מאַכן אַלץ; ווען זיי וועלן ווייזן גרוויליכן און קוירן, וואָס האָבן איינגעזען אין די וואַל־נצחונות פון סאָציאַליזם די גאַראַנטיע פאַרן שלום; סאַקאַסאָפן, וואָס האָט פאַרטיידיקט דעם פאַציפיסטישן קאַמף פאַרן שלום; און אַלע אַנדערע... האוזען, וואָס האָט גערעדט ווי אַ מענטש, וואָס האָט שוין נישט קיין ריינעם געוויסן, פלאָנטערט זיך רעדנדיק וועגן די גלאָקן און דער באַלקאַן־מלחמה; אַדלערן, וואָס האָט געזוכט באַגייסטערונג אין דער עוואַנגעליע, ווי עס האָט געזאָגט דער פּאָליאַק דאַשינסקי. ווען מע זאָל צונויפזאַמלען פון יעדער רעדע דעם רעוואָלוציאָנערן פערמענט, וואָס איז פאַרטרינקען אין די אָפּגעריבענע פראַזן, וואַיאַנס רוף צו באַנוצן אַלע מיטלען קעגן דער מלחמה, זשאָ־

רעסעס רוף צו לעגאַלער אָדער רעוואָלוציאָנערער אַקציע — וועלן מיר גאָרנישט דערהערן פון דעם גרויסן האַרץ, וואָס האָט אין יענעם טאָג געקלאַפּט אין באַזעל.

עס קאָן זיין, אַז ס'איז געווען מער לעכערלעכקייט ווי ציל־געוועגדטקייט אין דעם פּאַראַד פון די ווילהעלם טעלם און די מלאכים פון שלום. עס קאָן זיין, אַז די לעכערלעכקייט האָט האָמינירט איבערן טראַגיזם. עס קאָן זיין, אַז אין דער דאָזיקער דעפּילאַדע פון פּייערלעכע באַנצן קאָנען מיר היינט נאָך דערזען דעם פּרצוף פון פּאַרטעטער, וואָס האָבן אין 18 חדשים שפּעטער אויסגעליפערט חעם אייראָפּעישן פּראָלעטאַריאַט אין די הענט פון די מלחמה־מושלים. דאָס קאָן אַלץ זיין.

פונדעסטוועגן אויף הער האָזיקער וועלט, פון וועלכער עס טראָגט זיך דער צווייפאַכיקער ריח פון ווייראויך און פּוילעניש, פּאַר־אויסזאָגנדיק די שוידערלעכע שחיטות אויף די מאַזורער אַזיערעס אָדער ווערדען, לאָך איך נישט פונעם זשעסט פון די קינדער, וואָס שיטן בלומען. וואָס וועט פון זיי אַמאָל ווערן, פון די יונגע קאָריפייען פון יאָר 1912? זייערע הענט וועלן זיך אויסלערנען צו האַלטן אַ ביקס, זיי וועלן אַמאָל וואַרפן מערדערלעכע בלומען־גראַנאַטן מיט די זעלביקע הענט.

איך לאַך נישט פון דעם ריזיקן עולם, וואָס האָט זיך צונויפגע־זאַמלט אין באַזעל. פון דער גרויסער האָפענונג, וואָס וועט אַנטוישן. צווישן די דאָזיקע מענטשן געפינען זיך נישט בלויז קיין פּאַרטעטער, עס זענען אויך פאַראַן מענטשן אָנגעצייכנטע מיט אַ בלוטיקן פינ־גער. איך וואַרף אַ בליק אויף דעם טאַראַס, וואָס הייבט זיך אַרויס איבערן ריין, ווו אין דער דאָזיקער רגע רעדט פרעזאַן — איך זע האַרט טויזנטער יונגע, לעבעדיקע מענטשן. זייער קערפּער איז הייס, פּולסירנדיק. דאָס בלוט שלאָגט זיי אין פּנים. זיי האָבן די פרייע באַוועגונגען פון קערפּערס, וואָס אַרבעטן. לעבן זיי זענען פרויען, כלות, קינדער. זיי האָבן אומדערוואַרטעטע באַוועגונגען, זייערע אויגן צינדן זיך אָן, פאַלן מילד אויף ליפּן, אויף ברוסטן. זיי האָבן מענטשלעכע פאַרלאַנגען. עס ווילט זיך זיי עסן, טרינקען, עס ווילט זיך זיי צערטלעכקייטן, ווען דאָס מיידל הייבט אויף אַ נאַקעטן אָרעם. זיי פאָלגן נאָך מיט צוטרוי די זשעסטן פון די רעדנער, דאָס רויטע פאָכען פון פענער. די ריזיקע סטאַדע איז געקומען דאָ ווי אויף אַ שפּילערייַ. זיי האָבן מורא צו קוקן אין פּנים זייער גורל.

דאָס איז שווידערלעך, ווי אין אַן אינטערשטאַטישער באַן זונ־טיק, ווען עס איז פון פאַרויס באַוווסט, צו וואָס פאַרא קאַטאַסטראָפע זי לויפט.

למשל, די גרופע פון די באַדענער פויערים...

...אַ באַדענער איז געווען דער יונגער בחור פון יאָרגאַנג 1900 אונטער אולשי לאַ ווי, דוכט זיך דעם 12־טן אויגוסט 1918. די פראַנצויזישע האַרמאַטן האָבן אָנגעפילט דעם פלאַך־באַרג מיט אַ נייעם שטיקנדיקן גאַז, וואָס זיינע קאָנסעקווענצן האָבן מיר נישט געוווסט. און ווען דער ניינצניאָריקער יינגל איז געקומען איבער־ראַשט, פאַרבלענדט צו אונדז, וועלכע זענען געווען באַהאַלטן נאָך דער סקאַרפע פון שאָסיי מיט אַרויסגעוואָרפענע הענט פאַרויס, האָב איך דערזען, אַז ס'איז פאַראַן עפּעס אומנאַרמאַלעס אין זיין אויסזען. אַ רגע האָט ער זיך געוואַקלט, נאָכהער האָט ער, ווי איינער, וואָס עס טוט אים שטאַרק וויי דער קאָפּ, אויפגעהויבן די לינקע האַנט צום פּנים און אַ דריק געטאָן אַביסל מיט די פינגער. ווען ער האָט אַראָפּגעלאָזן די האַנט, האָט ער געהאַלטן אין איר עפּעס, פאַרבלו־טיקטס, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט געבן קיין נאָמען: זיין נאָז. וואָס איז געוואָרן מיט זיין פּנים? גיט אַ טראַכט אַביסל...

זשאַרעס רעדט וועגן די גלאָקן אין באַזעל:... גלאָקן, וואָס זייער שלאָגן האָט אָפּגעהילכט צום אַלגעמיינעם געוויסן... און די גלאָקן פון באַזעל הייבן ווידער אָן צו קלינגען אין זיין שטים... די האָפענונג פון דער העוואָלוציע דערהייבט זיך פון דער געהאַלטענער רעדע. דער טאַנץ פון ווערטער, די שאָסן פון די קלאַנגען, די געדאַנ־קען זענען ווי די לידער אין דער באַזעלער קאַטעדרע. דער אויפ־שריפט, וואָס שילער, דער גרויסער דיכטער, האָט אויסגעקריצט אויפן סימבאָלישן גלאָק פון זיין באַרימטסטער פּאָעמע נעמט זשאַרעס דאָ אויף טעאַטראַל: „איך רוף די לעבעדיקע, איך באַוויין די געשטאָרבענע און צעשמעטער די בליצן!”.

מיר זענען צוויי טריט פון אָפּגרונט און דער, וואָס וועט זיין געהרגעט, שרייט די מאַגישע ווערטער. די לעבעדיקע און טויטע הערן שטייענדיק צונויפגעפרעסטע אין די קאַפּליצעס און אין דער אַבסידע. די קאַטעדרע וואַנדערט זיך ביז איבער די שאַרף־בויגנס פון די הויכע פענצטער פון די ווערטער, פון וועלכע עס קאָנען צע־שפּריצט ווערן די שטיינער פון בריק. דער כאָר ציטערט, פול מיט

פענער פון בלוט־קאַליר: „איך רוף די לעבעדיקע, איך באַוויין די טויטע און צעשמעטער די בליצן!”

אויפן הימל אין אייראָפּע און דאָרטן אין דער ווייטער אַמעריקע זאַמלען זיך פינצטערע וואָלקנס, אָנגעלאָדן מיט דער עלעקטריציטעט פון מלחמות. די פעלקער זעען, ווי זיי זאַמלען זיך, אָבער גלייכצייטיק פאַרבאַהאַלט זייער שאָטן דעם אָפּשטאַם, די ווינטערס, ראָקפעלערס, וואַנדערבילטס, פינליינס, קרופס, פוטילאָווערס, מאָרגאַנס, יאַזעף קעס־נערס באַוועגן זיך אין אַ העכערער וועלט, וואָס איז פאַרמאַכט פאַר די מאַסן, ווו עס שפּילט זיך אָפּ דער גורל פון די מאַסן. די ציפערן שרייבט מען אויף די שוואַרצע טאָוולען, געלעכערטע פּאַסמעס וויקלען זיך פאַנאַנדער אין די אויטאָמאַטישע אַפּאַראַטן. מלחמה... די מלחמה גרייט זיך. זי איז דאָ אויפן שוועל „איך רוף די לעבעדיקע, איך באַוויין די טויטע און צעשמעטער די בליצן!”.

לייזער, אומזיסטע קללות, די בליצן וועלן נישט ווערן פאַר־ניכטעט. לעבעדיקע... נאָר, ווער קאָן זיך נאָך פוצן אין דעם פּרעכטיקן נאָמען אין אַזאַ שעה? ווען אַלץ איז אַזוי אומזיכער און ווען ווי אַ שפּילכל פאַבריצירט מען דיר פון אַ לעבעדיקן אַ טויטן. „די רע־גירונגען מוזן זיך הערמאַנען, זאָגט זשאָרעס, ווען זיי רופן אַרויס די געפאַר פון מלחמה, ווי לייכט וואָלט געווען די פעלקער צו מאַכן אַ פּשוטן חשבון, אַז זייער אייגענע רעוואָלוציע וואָלט זיי געקאָסט פיל ווייניקער קרבנות ווי אַ מלחמה מיט אַנדערע”.

יאַראָסלאַוו איוואַשקיעוויטש

## דער שלום איז אומפאַרמיידלעך

די אויסערגעוויינטלעך וויכטיקע רעזאָלוציעס און באַשלוסן, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אויף דער שטאָקהאָלמער קאָנפערענץ פון וועלט-קאָמיטעט פון די שלום-פּאַרטיידיקער, זענען צוגעגרייט געוואָרן דורך אַ גאַנצער ריי אַנדערע שלום-מאַניפעסטאַציעס. צווישן אַנדערע האָבן, אין איינקלאַנג מיט די באַשלוסן פון שטענדיקן פּאַריזער קאָמיטעט, די דעלעגאַציעס פון קאָמיטעט בייגעלייגט אין אַלע פּאַרלאַמענטן פון דער וועלט אַ ספּעציעלע פּעטיציע מיט די באַשלוסן פונעם שלום-קאָמיטעט, וואָס האָט גערופן צו באַגרענעצן די מיליטערישע בודזשעטן, ווי אויך צו פאַרבאָטן דאָס אַטאָם געווער. די דעלעגאַציעס האָבן אין פאַרשידענע לענדער געהאַט אַ פאַרשידענעם קבלת-פּנים. אין בעלגיע איז די שלום-דעלעגאַציע אויפגענומען געוואָרן זייער קאַלט, און אין האָלאַנד איז די דעלעגאַציע פּשוט אַרעסטירט געוואָרן און צוגעשטעלט געוואָרן צו דער גרענעץ. אין אַמעריקע האָט מען די דעלעגאַטן, וואָס אין זייער שפּיץ איז געשטאַנען פּאַבלאָ פּיקאַסאָ, אינגאַנצן נישט אַריינגעלאָזט, און די אַלע שליחים פון דער שלום-מיסיע, וואָס האָבן זיך געמאָלדן נאָך וויזעס, האָט דער קאָנסול פון די פאַראייניקטע שטאַטן דער-קלערט, אַז ער באַטראַכט דעם קאַמף פאַר שלום פאַר אַן אַרבעט לטובת דער סאָוויעטישער רעפּובליק.

איך בין אַריין אין באַשטאַנד פון דער דעלעגאַציע, וואָס האָט אָפּגעגעבן דעם בריוו די איטאַליענישע און פראַנצויזישע פּאַרלאַ-מענטן. דאָס האָט מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך צו טרעפן מיט אַ גרויסער צאָל פּאָליטישע טוער, געלערנטע און אַרטיסטן, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער אַקציע לטובת דעם שלום. איך האָב אויך געקאָנט אויסהערן אַ סך אַרויסזאָגונגען פון מלוכה-מענער: טייל פון זיי זענען געווען זייער כאַראַקטעריסטישע, כאָטש נישט

אלע זענען געווען אויפריכטיקע. מיר האָבן נישט קיין גרונט צו צווייפלען, למשל, אין דער אויפריכטיקייט פון אזא ארויסזאָגונג פון פרעזידענט פון דער איטאַליענישער דעפּוטאַטן־קאַמער, גראָנשי, וועלכער האָט געבראַכט צום אויסדרוק זיינע פּערזענלעכע געפילן, זאָגנדיק: „אַז עס איז נישטאָ קיין איין מענטש, וואָס איז ווערט דעם דאָזיקן נאָמען, וואָס וואָלט מיט אַ רואיקן געוויסן זיך געקאָנט אַנטקעגנשטעלן דער טעטיקייט פון קאָמיטעט פון די שלום־פאַר־טיידיקער". האָבן מיר אַ פולשטענדיקן גרונט צו צווייפלען אין די זייער רירנדיקע אַרויסזאָגונגען פון דעם פרעזידענט פון דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַלער אַנסאַמבליי, העריאָ, אויף דעם אדרעס פון ראַטנפאַרבאַנד און זיין פאָרשטייער אין דער דעלעגאַציע, אַלעקסאַנדער קאָרנייטשוק, אויב אין אַ שעה נאָך זיינע אַרויסזאָגונגען האָט ער זיך נישט קיין וואַקל געטאָן ארויסצוגעבן אַ באַפעל אַריינצופירן מיליטער אין פאַרלאַמענט מיטן ציל צו באַזייטיקן פון זאַל די קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן.

פון די אַלע אַרויסזאָגונגען, וואָס איך האָב געהערט, זענען מיר אַממיינסטן געבליבן שטעקן אין זכרון און געמאַכט אויף מיר דעם גרעסטן איינדרוק צוויי רעדעס. איינע איז געווען אַ פשוטע דער־ציילונג פון אַ דאָקער פון סטינאַזער, וועלכער האָט אויף דער פרעסע־קאָנפערענץ אין רוים אויספירלעך איבערגעגעבן די פרטים פון קאַמף פון די פּאַרט־אַרבעטער קעגן אָנלאָדן די מלחמה־מאַ־טעריאַלן, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין וויעטנאַם. זיינע ווערטער, וואָס האָבן אויף זייער אַ קלאָרן אופן איבערגעגעבן וועגן פראָנט פון קאָנקרעטן קאַמף פאַר שלום, האָבן געמאַכט אַ זייער שטאַרקן איינדרוק. דאָ האָט מען געהאַט צו טאָן נישט מיט קיין פראַזן און שיינע ווערטער וועגן אַ ציל, וואָס לייכט פאַר אונדז, נאָר מיט טאַטן פון אוממיטלבאַרן קאַמף פאַר שלום.

אַ צווייטע אַזאַ רעדע איז געווען די אַרויסטרעטונג פון דעם פאָרשטייער פון קעמפנדיקן וויעטנאַם, דעם בירגער פאַן הוטאָנג, אויף אַ גרויסן פּאַריזער מיטינג. ער האָט געזאָגט: „אייער קאַמף, ווי אונדזערער, וועלכן מיר פירן אין דעם מאָמענט אין וויעטנאַם מיט געווער אין האַנט, איז אַ קאַמף פאַר שלום! שוין היינט קאָן איך פון פאַריזער זאָגן, אַז אין דעם קאַמף וועלן מיר צוזאַמען זיין די זיגער!".

עס האָבן זיך מיר אויך איינגעקריצט אין זכרון די ווערטער פון די פאָרשטייער פון דער „שוואַרצער" אַפריקע, ד'אַרביסע און

הופּנונגען, וועלכע האָבן מער־ווייניק מיט די זעלבע ווערטער גערעדט אין רוים און אין פּאַריז וועגן דעם, אַז דער קאַמף פון די נעגערס פאַר באַפרייונג פון די קאָלאָניאַלע קייטן איז אויך אַ קאַמף פאַר שלום.

מיט גרויס פרייד האָב איך געקאָנט — רעדנדיק צו די פראַנצויזישע און איטאַליענישע פּאַרלאַמענטאַריער — קעגנשטעלן יענע קאָנקרעטע געשעענישן דאָס אויך קאָנקרעטע ווערק פון אונדזער אויפבוי, ווי אונדזער גראַנדיעזע אָנשטרענגונג און צושטייער צו דער זאַך פון שלום.

צו די זעלביקע צוגרייטונגען צו דער פּראַקטישער שטאָקהאָלמער רעזאָלוציע האָבן געהערט די צונויפטרעפן פון די שלום־פּאַרטיידיקער אין פראַנקרייך. איינער איז פאָרגעקומען אין די ראַמען פונעם אַלפראַנצויזישן צוזאַמענפאַל פון די קעמפער פאַר שלום און פרייהייט. די דרייטאָגיקע באַראַטונגען פון דעם צוזאַמענפאַל האָבן זיך געענדיקט מיט אַ גראַנדיעזן מיטינג אין דעם אויסשטעל־פּאַרק אין פּאַריז, אויף וועלכן עס זענען געקומען פון אַלע עקן פראַנקרייך אַרום 20,000 מענטשן. דער ריזיקער זאַל, אויסגעפילט איבער די ברעגעס, האָט געברויזט מיט אַזאַ באַגייסטערונג, וואָס איז אַ זעלטנהייט צו זען. פון טויזנטער ברוסטן זענען נאָכאַנאַנד אויסגעבראָכן געשרייען לטובת העם שלום און זיינע פּאַרטיידיקער, האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן אין אַ האַרמאָנישן כאָר די מאַרסעליעזע, אָדער לידער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. דער ענטוזיאַזם איז דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה, ווען ס׳איז אַרויף אויף דער טריבונע אַלעקסאַנדער קאָרנייטשוק, כדי צו זאָגן עטלעכע שטאַרקע ווערטער קעגן די מלחמה־צוגרייטונגען.

„טייערע פריינד — האָט ער געזאָגט צווישן אַנדערע — דער קאַמף פאַר שלום איז אַ לעבנספראַגע פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט. די כוחות פון די אָנהענגער פון שלום זענען פיל מעכטיקער ווי די כוחות פון די מלחמה־העצער און זייערע משרתים. מיר זענען פעיק אָפּצוהאַלטן די מלחמה. אָבער ס׳איז נישט גענוג וועלן דעם שלום, שיין רעדן וועגן שלום. מע דאַרף נישט צוריקטרעטן פאַר די אימפּעריאַליסטישע אַגרעסיע־פּלענער און בולט אויף זיי אָנווייזן...".

דער פּאַריזער מיטינג, אויף וועלכן אויך די דעלעגאַטן פון דער פּוילישער עמיגראַציע אין פראַנקרייך זענען געווען דער אָביעקט פון אַ הייסער אָוואַציע, האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון מעכטיקייט און כוח, וואָס קיין שום זאַך וועט נישט זיין פעיק אָפּצוהאַלטן. האָט

טאַקע דעריבער רעכט געהאַט דער ענגלישער געלערנטער קראָטער, וועלכער האָט אויף איִם אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע ווערטער: „אין דער ווייטער צוקונפֿט, ווען די קינפֿטיקע פֿעלקער וועלן זיך דער־מאָנען די מאָדנע געשיכטע פֿון משוגענע מיליטאַריסטן, וועלכע האָבן געלעבט אַרום דער העלפֿט פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וועלן זיי גלייכצייטיק זיך דערציילן, ווי די דאָזיקע מלחמה־העצער זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן דורך דער מעכטיקער מאַסן־באַוועגונג, וועלכע איז געבוירן געוואָרן פֿון דעם גרויסן וועלט־קאָנגרעס פֿון די שלום־פֿאַרטיידיקער אין פּאַריז אין יאָר 1948.‟

אפֿשר נאָך מער כאַראַקטעריסטיש פֿון דעם מיטינג איז געווען די פֿיל באַשיידענערע פֿאַרזאַמלונג פֿון דעם קאָמיטעט פֿון די פֿראַנ־צויזישע אינטעלעקטועלע שלום־פֿאַרטיידיקער. קודם־כל האָט דאָ געהאַט אַ זייער גרויסע באַדייטונג די אומגעבונג גופֿא. די פֿאַרזאַמ־לונג איז פֿאָרגעקומען אין אַ געוויינטלעכן קינאָ־זאַל אין דער פּאַרי־זער פֿאָרשטאָט איווורי — און שוין דאָס אַליין האָט דעצידירט וועגן איר כאַראַקטער. די אָרעמע און אויסשליסלעך דורך אַרבעטער באַוווינטער געגנט, בעסער געזאָגט, דאָס שטעטעלע איווורי האָט אין די זייער געשפּאַנטע פּאָליטישע צייטן זיך אונטערשיידעט פֿון דער הויפּט־שטאָט מיט אַ זייער ערנסטער און קאָנצענטרירטער שטימונג.

די, וועלכע באַטראַכטן פֿאַר פֿראַנקרייכס סימבאָל די פּאַריזער שאַן־עליזיי, זענען געווען זייער פֿאַרוווּנדערט, זעענדיק די פֿאַר־זאַמלטע אויפֿן זאַל — לערער, זשורנאַליסטן, פּראָפֿעסאָרן און אַרטיסטן, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט דאָס אמתע און נישט קאַליע־געוואָרענע פֿראַנקרייך. עס האָט זיי אַרומגערינגלט אַ פֿאָר־שטאָט, אָנגעפֿילט מיט אַרבעטער, וועלכע זענען טאַקע נאָר וואָס אַרויסגעגאַנגען פֿון דער אַרבעט, און אָפּשטעלנדיק זיך פֿאַר דער געביידע פֿון קינאָ, האָבן זיי גערעדט עטלעכע ווערטער מיט די „אינטעלעקטועלע‟, וואָס האָבן גענומען אָנטייל אין דער פֿאַרזאַמ־לונג. אין ערגעץ איז נישט געווען אַזוי קלאָר צו זען, אַז זיי אַלעמען פֿאַראייניקט איין זאָרג און איין קעגנערשאַפֿט קעגן דער מלחמה.

דאָס פֿראַנקרייך, געזען מיט די אויגן פֿון די קאָלירטע „מאַגאַ־זינען‟, וואָס מע פֿאַרקויפֿט אויף שאַן־עליזיי, צי אויף די גרויסע בולוואַרן, זעט אויס גאַנץ מאָדנע. אין די וואָכנבלעטער איז נישטאָ קיין שום הערמאָנונג וועגן די שטרייקן אין דער שטאָטישער קאָמו־ניקאַציע, נישט וועגן די פֿאָרשטעלונגען, וואָס ווערן אויפֿגעפֿירט

אין די עלטסטע פראַנצויזישע טעאַטערס. און אויב עס ווערט אין זיי גערעדט וועגן דעם קאַמף, וואָס ווערט געפירט אין פּאַרלאַמענט קעגן די אַנטישטרייק-געזעצן, ווערט ער פאָרגעשטעלט אין אַן איינזייטיקער און בייזוויליקער פאָרם. דאַקעגן זענען זיי פול מיט באַשרייבונגען פון דער אַביסל גראָטעסק-אַרטיקער רייזע פון פּרעזידענט אָריאָל קיין לאָנדאָן. מיר קאָנען אין זיי געפינען באַריכטן פון די נייעסטע פאַרברעכנס מיט פאָטאָגראַפיעס און רעפּאָרטאַזשן, ווי אויך קאָמוניקאַטן פון דעם שלאַכט-פעלד פון דעם „קאַמף", וואָס ווערט געפירט צווישן צוויי פּאַריזער שניידערס פאַט און דיאָג, וואָס יעדערער פון זיי לאַנסירט אַן אַנדערע ליניע פון פרויען-קליידער. אָדער מיר געפינען אין זיי די פּרטים פון דעם פּראָצעס פאַר באַליידיקונג, וואָס די אַלטיטשקע בלעאַ דע מענאַד, די עקס-טענצערין און עקסגעליבטע פון לעאָפּאָלד דעם 4-טן, האָט פאַרפירט קעגן דער באַקאַנטער עגזיסטענציאַליסטן און פריינדין פון סאַרטר סימאָן דע בעוויר.

אין פאַרגלייך מיט די „שטיקלעך", וואָס פילן אויך אויס די שפּאַלטן פון דער טעגלעכער פּרעסע, איז די שטימונג אין איווּרי אַ שטימונג פון אמתער זאָרג און ערנסטקייט. די מענטשן, וואָס זענען דאָרט פאַרזאַמלט טראַכטן באמת וועגן דער צוקונפט פון פראַנקרייך און פאַרטרויען זיך קעגנזייטיק זייערע זאָרגן און דאגות. עס פעלן אויך דאָ נישט קיין גראָטעסקאַרטיקע ידיעות וועגן געוויסע ענינים, זיי האָבן אָבער דאָ אַן אַנדערן אַספּעקט. עס רופט אַרויס אַ שטורעם פון געלעכטער, אָבער אויך גערירטקייט, די דערציילונג וועגן דער לערערין, וואָס האָט, כדי אַרומצוגיין דעם דראַקאָנישן צירקולאַר פון בילדונגס-מיניסטעריום, וואָס פאַרבאָט צו רעדן צו די שילער וועגן דער אַטאָם-באָמבע, געלייענט די קינדער איינעם פון די פּערסישע בריוו פון מאָנטעסקיע, אין וועלכן עס גייט אַ רייד וועגן פאַרבאָטן געווער — און אויף אַזאַ אופן אַרויפגעפירט די יוגנט אויפן געדאַנק וועגן דעם פאַרברעכן פון דער באָמבע, מיט וועלכער עס דראָען די אַמעריקאַנער.

און אויב די איצטיקע סיטואַציע פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, דער האָפענונגסלאָזער צושטאַנד פון די פּאַריזער טעאַטערס און דער שאַרפער קריזיס פון אַלע פאַרלעגערישע פירמעס צוליבן שוואַכן ביכער-פאַרקויף וואָלטן, דוכט זיך, געזאָגט עדות וועגן אַ פּאַמעלעכדיקער אָפּשוואַכונג צי אַפילו אָפּשטאַרבונג פון דער גרויסער פראַנצויזישער קולטור — זאָגן עדות אַזעלכע פאַר-

זאַמלונגען, ווי די אין איוורי, צי די אַנדערע אין דעם אויסשטעל־פּאַרק, וועגן די רייכע זאַפּאַסן פון קראַפט, באַגייסטערונג און לעבנס־זאַפטן, וועלכע שטעקן אין דעם פראַנצויזישן פאָלק.

אָבער איצט האָט זיך אונדזער באַציונג צו פראַנקרייך אַביסל געענדערט פּרינציפּיעל. ס׳האָבן זיך אויפגעלייזט געוויסע מינדער־ווערטיקייט־קאָמפּלעקסן, וואָס עס האָבן אַזוי אָפט אַרויסגעוויזן די פּאָליאַקן אין באַצוג צו איר. דאָס אַנגאַניזירן די „מאַקים״ און דער אַנטייל פון די פּאָליאַקן אין דער פראַנצויזישער באַוועגונג פון ווי־דערשטאַנד האָט גורם געווען די ענדערונגען. איצט קומען צו נאָך אַנדערע פאַקטאָרן. פּשוט, מיר פילן זיך מער אַוואַנסירט אויף דעם וועג פון פּראָגרעס פון דער מענטשהייט. אַ קליינער ביישפּיל: נישט לאַנג צוריק האָבן די פראַנצויזישע שרייבער איניציאירט אין מאַר־סעל „אַ וואָך פון גוטן בוך״, בעת וועלכן געוויסע ליטעראַטן, פון די אָנגעזעענסטע, האָבן זיך צונויפגעטראָפן אין די מאַרסילער דאָקן און אין די פאַבריקן מיט די אַרבעטער און מיט זייערע לייענער, אָנבינדנדיק מיט זיי אַ קאָנטאַקט אויף די פאַרלעזונגען, דיסקוסיעס און פריינדלעכע שמועסן. די לינקע צייטונגען האָבן ברייט וועגן דעם געשריבן, ווי וועגן אַ גליקלעכער און אין פראַנקרייך נישט באַקאַנטער איניציאַטיוו אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט צווישן דעם שריי־בער און דעם לייענער. פאַר אונדז איז די דאָזיקע זאַך פון לאַנג שוין איינע פון די שטענדיקע פונקציעס פונעם שרייבער, וועלכער האָט לויט דער איניציאַטיוו פון די ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס צי אויך אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אָנגעבונדן קאָנטאַקטן, דערביי ציען אַרויס פון זיי ביידע צדדים ערנסטע נוצן.

ווען מע פאַרט אַזוי איבער דער וועלט און מע קוקט זיך צו צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף איר, שאַפט מען זיך די איבערצייַ־גונג, אַז די כוחות, וואָס זענען פאַרבאַהאַלטן אין אַזעלכע פעלקער, ווי דאָס איטאַליענישע צי פראַנצויזישע פאָלק, אַנטפּלעקן זיך אַרויס אַלץ מער, און אַז זייער גלויבן אין איינהאַלטן דעם שלום ווערט וואָס אַמאָל אַלץ מער געשטאַרקט. נישט אומזיסט האָבן באַגייס־טערטע אַפּלאָדיסמענטן אין דעם זאַל פונעם אויסשטעל־פּאַרק באַ־גלייט די ווערטער פון קאָרניטשוק, געזאָגטע אויפן אַדרעס פון די אָנהענגער פון מלחמה: „איר האָט אַ טעות, הערן, נישט די מלחמה איז אומפאַרמיידלעך, נאָר דער שלום איז אומפאַרמייד־לעך״!.

בינעם העלער

## פאַרן גליק פון דער מענטשהייט

דער ערשטער פוילישער שלום־קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין די ערשטע סעפּטעמבער־טעג, אין יענע טעג, וועלכע דערמאָנען דעם אָנהייב פון היטלערס טאַנקן־מאַרש איבער די לענדער פון אייראָפּע. פאַרשטייט זיך, אַז נישט פוילן איז געווען דער ערשטער קרבן פון דער פאַשיסטישער אַגרעסיע; פריער איז געווען אַביסיניע, פריער איז געווען שפּאַניע און אַ פריערדיקער קרבן איז אויך געווען טשעכאָסלאָוואַקיע. אָבער אין פוילן האָט דער דייטשישער פאַשיזם אָנגעהויבן זיין מערדערישן רויב־צוג קעגן גאַנצע פעלקער, און דאָ האָט ער געדאַרפט פייערן זיינע טריאומפן אויף די קופּעס אַש און ביינער פון מיידאַנעק און טרעבלינקע.

דער לייט־מאָטיוו פון אַט די שווערע טראַגישע זכרונות איז געקומען צום אויסדרוק אויפן פוילישן שלום־קאָנגרעס שוין אין דער עפענונג־רעדע פון פּראָפעסאָר יאַן דעמבאָווסקי, דעם פאָרזיצער פונעם פוילישן קאָמיטעט פון די שלום־פאַרטיידיקער. זיינע ווערטער, אַז „דער סעפּטעמבער פון יאָר 1939 וועט זיך מער נישט איבער־חזרן", דערפאַר, ווייל דער אמת שפּאַרט זיך אָן נישט בלויז אויפן פעסטן בונד מיטן מעכטיקן ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אויך דערויף, וואָס אויף דער צווייטער זייט פון דער אָדרע און ניסע איז אויף די חור־בות פון פאַשיזם אַנטשטאַנען די דייטשישע דעמאָקראַטישע רע־פּובליק, וועלכע אָנערקענט די אָדרע און ניסע פאַר דער גרענעץ פון שלום — האָט שפּעטער, אין דער דעבאַטע, געפונען דעם באַשטע־טיקנדיקן ווידערקלאַנג אין דעם אַרויסטריט פון דייטשישן גאַסט, דעם אַנטיפאַשיסטישן קעמפער דאַהלעם. „קיינמאָל מער — האָט ער דערקלערט — וועט דאָס דייטשישע פאָלק נישט איבערפאַלן אויף פוילן, אויפן ראַטנפאַרבאַנד, צי אויף עמעצן אַנדערש".

די עלף יאָר, וואָס ליגן צווישן דעם אַגרעסיע־מאַרש פון 1939 און דעם זיגרייכן מאַרש פון שלום אין יאָר 1950, האָבן אַריינגעבראַכט אַ געוואַלדיקע ענדערונג אין די כּוחות־פאַרהעלטענישן צווישן דעם לאַגער פון רעאַקציע און אונטערגאַנג און דעם לאַגער פון פראָגרעס און שלום. אין רעזולטאַט פון דער מפּלה, וואָס דער היטלעריזם האָט געליטן, איז דער ראַטנפאַרבאַנד דערשינען פאַר דער גאַנצער וועלט, ווי דער איינציק־וויכטיקסטער כּוח, וועלכער איז פעיק אַרויסצופירן די גאַנצע מענטשהייט פון שרעק פאַר הונגער און מלחמה, אין וועלכער עס האַלט אים דער בלוט־דורשטיקער אימפּעריאַליזם. צום מעכטיקן ראַטנפאַרבאַנד זענען איצט געוואָרן די אויגן פון אַלע פעלקער, וועלכע גייען אָפּ אין בלוט אין זייער געראַנגל מיט דעם מולך פון וואָל־סטריט. פון זיינע שלאַכט־דערפאַרונגען לערנט די יונגע קאָרעישע פאָלקס־אַרמיי, ווי אַזוי צו באַזיגן דעם אומברחמנותדיקן נידערטרעכטיקן שונא; פון זיינע פאַרטיזאַנער־קאַמפן לערנען זיך די וויעטנאַמער העלדישע פאָלקס־מענטשן, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט מסכּים זיין צו ווערן שקלאַפן ביי די פראַנצויזישע שקלאַפן פון טרומאַן. אויף די דערפאַרונגען פון אויפבוי אין ראַטנפאַרבאַנד לערנען די לענדער פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע, ווי אַזוי שנעל און גרינטלעך צו היילן די נאָכמלחמה־וווּנדן; ווי אַזוי איבערצובויען די ווירטשאַפט און שאַפן די פונדאַמענטן פון סאָציאַליזם.

אין דעם פּאַטאָס פון קאַמף און אויפבוי אין די אַלע לענדער, וווּ דאָס פאָלק איז געקומען צו דער מאַכט, פילט זיך אָפּ די גרויסע גבורה פון דעם מענטשן און זיין אמונה אין מאָרגנדיקן טאָג, אין דער צוקונפט. דאָס בלוט און שווייס, וואָס ווערן פאַרגאָסן פאַר אָט דער צוקונפט, ווערט אָפּגעגעבן מיט פרייד און גלויבן פאַר דער איינציק גערעכטער און זיכערער זאַך: פאַר אַ וועלט און אַ צייט אָן עקספּלאָאַטאַציע פון בלוט און שווייס — אָן מלחמה און אָן פאַשיזם.

אַקעגן־זשע אין די לענדער, וועלכע זענען באַהערשט דורך די אַמעריקאַנישע טרעסטן און זייערע משרתים, פילט זיך אַלץ מער און מער ווי דאָס סיסטעם פון רויב און מאָרד איז געבליבן שטיין פאַר אַ טויבער וואַנט. די הערשנדיקע קרייזן פון קאַפּיטאַליזם ווייסן אויסגעצייכנט, אַז נישט צו זיי געהערט די צוקונפט און דערפאַר ווילן זיי מיטשלעפּן מיט זיך אין קבר די גאַנצע מענטשהייט. דערפון די מלחמה־היסטעריע, דערפון דאָס פּאַסמאַקעווען זיך מיט די

אויסטערלישע „נייע" מעטאָדן פון מאַסן־פאַרניכטונג, דערפון דער שפּאַנטאַזיש מיט דער אַטאָם־באָמבע, אין וועלכער מע זוכט די לעצטע רעטונג.

די אַגאָניע פון קאַפּיטאַליזם אין אונזער צייט האָט שוין געבוירן אַזאַ פוילונג־ריח, ווי דאָס איז געווען דער דייטשישער היטלעריזם. אָט דער ריח שטייט נאָך אין אָשוויענטשים און מיידאַנעק — ערטער, וועלכע זענען איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מוזייען פון אונטערגאַנג פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפטלעכער פאָרמאַציע. אָבער נאָך איידער דער היטלער־פאַשיזם האָט באַוויזן אויסצוּוועפּן איז אַנטשטאַנען דער פּגר־ריח, וואָס טראָגט זיך פון די אַמעריקאַנישע מאַסן־מערדער, וועלכע פאַרוואַנדלען איצט קאָרעישע שטעט אין חורבות, ממיתן קליינע קינדער, הערהרגענען קראַנקע אין די שפּיטאָלן און פאַרברענען די ביימער פון די קאָרעישע סעדער. זייער „לעבנס־שטייגער" פון לינטש און קאָקאַ־קאָלאַ ווילן זיי אָנוואַרפן דער גאַנצער וועלט, זיי ווילן די גאַנצע ערד אַרייַנוואַרפן אין זייער גסיסה־קאַראַהאָד, אין אַ פאָרעסטאַל־טאַנץ פון משוגעת און אומקום. און — אויב דאָס קאָרעישע פאָלק וויל נישט דעם „העכערן לעבנס־שטייגער" און די „אמתע, נישט־געפעלשטע" אַמעריקאַנישע „דעמאָקראַטיע" — וועלן די באָמבאַרדירער ב. 36 אַראָפּטראָגן דאָס גאַנצע קאָרעישע פאָלק פון דער אויבערפלאַך. דאָס איז די מאָראַל פון די גענגסטער פון וואָל־סטריט.

אַזוי זעט איצט אויס דאָס מאָראַלישע פּנים פון די צוויי וועלטן. אויף איין זייט אַ הייפל בלוט־דורשטיקע פאַרשווערער און אויף דער צווייטער זייט — די הונדערטער, הונדערטער מיליאָנען מענטשן, וואָס ווילן לעבן בשלום און שאַפן במנוחה. די איבערגעוויכט פון דעם שלום־לאַגער איז אַזאַ ריזיקע, אַז נישט אומזיסט האָבן אַ ריי קאַריקאַטוריסטן דאָס אויסגענוצט גלייכצייטיק אין פאַרשידענע לענדער צו דער זעלבער טעמע: אַ וואָג, ווו אויף איין זייט וואָגשאָל ליגט דאָס בינטל טשערטשילס און טרומאַנס און אויף דער צווייטער — די מעכטיקע פויסט פונעם פאָלקס־מענטש, וועלכע סימבאָליזירט מיט זיך די מיליאָנען־מאַסע פון די קעמפער פאַר שלום.

די באַוועגונג פון די שלום־קעמפער — דאָס איז די גרעסטע באַוועגונג, וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געזען. אין איר זענען אַרייַנגעצויגן געוואָרן בוכשטעבלעך אַלע פעלקער, וואָס באַוווינען אונדזער ערד. דער שלום־רוף קעגן אַטאָמישער מאַסן־פאַרניכטונג,

קעגן מלחמה ווערט אונטערגעשריבן אונטער אלע באַדינגונגען — אַפילו אין די באַדינגונגען פון שווידערלעכן פראַנקאָ-רעזשים, אָדער פון טיטאָ-טעראָר. דער אַקטיוער ווילן פון די שלום-קעמפער האָט געבראַכן דעם פאַרבאָט פון דער פראַנצויזישער פאַרקויפטער רעאַקציע און זי איז געווען געצוווּנגען צו באַפרייען די אַכצן שלום-קעמפער, וועלכע זי האָט געשטעלט פאַרן געריכט. אמת, נאָך דעם האָבן די פלעווענס זיך אוממעכטיק און נאַריש נוקם געווען אויף די שפּאַנישע אַנטיפאַשיסטן און פּוילישע אימיגראַנטן, אָבער מיט קיין רוח האָבן זיי זיך צוליב דעם נישט באַדעקט.

דאָס אונטערשרייבן דעם שטאָקהאָלמער שלום-רוף איז געווען אַ וויכטיקער עטאַפּ אין דער אָרגאַניזירונג פון די פעלקער צום קאַמף קעגן די מלחמה-אונטערצינדער. אין אַ גאַנצער ריי לענדער ווערן שוין אונטערגעצויגן די סך-הכלען פון אָט דער ביז איצט אומגעזעענער אַקציע. ביי אונדז אין פּוילן איז דער ערשטער לאַנד-קאָנגרעס פון די שלום-פּאַרטייזיקער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אימפּאָזאַנטן דורכקוק פון אַלע אַן אויסנאַם שיכטן פון פאָלק אָן אונטערשיד פון געשלעכט און עלטער, פון אמונה און וועלט-אַנשויונג — פון דעם גאַנצן פאָלק, וואָס האָט אויף אַ קלאָרן און באַגייסטערטן אופן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז דאָס פּוילישע פאָלק שטייט אויף דער זייט פון די, וואָס ווילן און זענען בכוח איינצוהאַלטן דעם שלום אין דער וועלט.

דער דאָזיקער דורכקוק ווערט איצט דורכגעפירט אין אַ ריי לענדער. דאָס זענען די נאַטירלעכע צוגרייטונגען צו דעם גרויסן צווייטן וועלט-קאָנגרעס פון די שלום-פּאַרטייזיקער, וועלכער דאַרף פאָרקומען אין לאָנדאָן אין דער העלפט נאָוועמבער. דער צווייטער וועלט-קאָנגרעס דאַרף אָרגאַניזירן דעם קאַמף קעגן די מלחמה-אונטערצינדער אויף אַ העכערן שטאַפּל. דער קאָנגרעס דאַרף זיין די טריבונע פון דער איבערוועגנדיקער מערהייט פון דער מענטשהייט. די טריבונע, פון וועלכער עס זאָל געהערט ווערן די מעכטיקע און וואָרנדיקע שטים אויפן אַדרעס פון די אַנגלאָ-זאַקסישע אַגרעסאָרן. די אַקציע פאַר שלום דאַרף דערהויבן ווערן צו אַזאַ קראַפט, אַז זי זאָל דערשטיקן דאָס הייפל וואַנזיניקע ברואים.

דער צווייטער וועלט-קאָנגרעס וועט דאַרפן אַנטקעגנווירקן דער אַנטי-שלום פּראָפּאַגאַנדע פון די אימפּעריאַליסטן און זייערע דינער. דער אַמעריקאַנישער אימפּעריאַליזם איז ווייט נישט אָריגינעל אין זיינע פּראָפּאַגאַנדע-מיטלען, וועלכע ער האָט בדרך-כלל איבערגע-

נומען פון געבעלסן. פונקט ווי געבעלס בשעתו, שרעקט איצט די אַמעריקאַנישע פּראָפּאַגאַנדע די וועלט מיט קאָמוניזם. זי נוצט אויס די פאַרנאַרישונג פון גרויסע טיילן פון קליינבירגערטום, וועלכע זענען דערצויגן אויף דער פאַסקודנער, פאַרקויפטער, שונדישער אַמעריקאַנישער פרעסע, בכדי כסדר צו סטראַשען זיי מיט קאָמוניסטישע פאַרשווערער. פאַרשטייט זיך, אַז דער אַמעריקאַנישער קליינבירגער האָט אַזאַ ידיעה אין קאָמוניזם, ווי זיין מיניסטער פון דער אויסערן-פּאָליטיק. אָבער דאָס וואָרט „קאָמוניזם" קלינגט ווי אויף אַליאַרם און העלפט אָרגאַניזירן, ווי אַ שטייגער דער היטלערישער „יודע פערעקע".

דערפאַר איז דאָך פאַר די וואַשינגטאָנער פּראָפּאַגאַנדיסטן נישט געווען קיין פשוטערע זאַך, ווי דערקלערן די קעמפער פאַר שלום אַלס קאָמוניסטן און די 400 מיליאָן אונטערשריפטן — אַלס „קאָמוניסטישע מאַכערייקע". דערמיט מיינען זיי, וועלן זיי אָפּשרעקן דאָס באַלעבעסל.

עס וואָלט אָבער געווען לעכערלעך, ווען די אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן וואָלטן געירשנט פון היטלערן בלויז זיין פּראָפּאַגאַנדע. ניין. זיי האָבן איבערגענומען דעם גאַנצן אַרסענאַל פון פאַשיסטישן שאַנטאַזש און טעראָר. אויף דער שלום-אַקציע פון די הונדערטער מיליאָנען האָבן די באַלעבאַטים פון וואָל-סטריט געענטפערט מיט אַ ווילדן טעראָר, וועלכער איז נאָך ביז איצט נישט אָנגעווענדט געוואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דעמאָנסטראַציעס ווערן פּאָגראָמירט דורך דער פּאָליציי. אַרבעטער ווערן געקאַטעוועט, שרייבער און קינסטלער ווערן געוואָרפן אין תפיסה און — דורכן אַמעריקאַנישן סענאַט איז די טעג אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ-פּראָיעקט וועגן איינפירן אויפן שטח פון די פאַראייניקטע שטאַטן קאָנצענטראַציע-לאַגערן פאַר „אומלעגאַלע". בלויז זיבן, בוכשטעבלעך זיבן צדיקים האָבן זיך געפונען אין סענאַט, וועלכע האָבן געשטימט קעגן אָט דעם שענדלעכן „געזעץ" פון סדום.

קאָן זיין, אַז אין שייכות דערמיט האָט מען טאַקע אין די זעלבע טעג באַפרייט אין לאַנדסבערג אַכצן פון די פאַרמשפטע היטלערישע מלחמה-פאַרברעכער אין נירנבערג. צווישן זיי געפינט זיך דאָך דער פאַבריקאַנט פון „ציקלאָן" — דעם גאַז פון די טויט-קאַמערן פאַר די מיליאָנען, פריץ מעער. מסתמא וועט ער צונוץ קומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אויב עס וועט הארפן אָרגאַניזירט ווערן אַ טויט-פּראָדוקציע. די אַמעריקאַנישע באַנדיטן וועלן קאָנען

געפינען אַ גרויסע הילף ביים „אויסשטאַטן” די לאַגערן צווישן דעם ביסל ס.ס.ישן פעבל, וואָס דרייט זיך אַרום פראַנק און פריי אין די מערב־זאָנעס פון דייטשלאַנד.

אויפן באַפעל פון די מאַרשאַל־פּאַרזאָרגער האָט זיך אויך פאַר־שטאַרקט דער פּאַשיזאַציע־פּראָצעס אין די מאַרשאַליזירטע לענ־דער. דאָס ווילדע געיעג אויף די אויסלענדער — דעמאָקראַטן אין פראַנקרייך איז איינע פון זיינע סימפּטאָמען. די פאַשיזאַציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן און זייערע וואַסאַלן איז איינע פון די מיטלען צו דערשטיקן דעם ווילן פון די אייגענע פעלקער, בכדי אומגע־שטערט צו קאָנען אָנהייבן די בלוט־באָד.

דער ענטפער פון דער גאַנצער מענטשהייט דאַרף זיין דאָס איזאָלירן די באַנדיטן און מאַכן זיי אומשעדלעך. דאָס קאָן דער־מעגלעכט ווערן קודם־כל דורך ברענגען צום באַוווסטזיין פון יעדן אַרבעטנדיקן, אַז דער שלום, אַז זיין אייגענער ווילשטאַנד, אַז די גאַנצקייט פון זיין הויז, אַז דאָס לעבן פון זיין פרוי, פון זיין מוטער, פון זיינע קינדער איז אָפּהענגיק פון אים אַליין, פון זיין ווילן צו קעמפן פאַרן שלום. די שטים פון די יאָ־זאָגער פאַר שלום דאַרף אָפּ־הילכן מיט אַזאַ קראַפט, אַז זי זאָל צעשמעטערן די מאַראָדערן, וועל־כע טראַכטן נאָר וועגן דעם, ווי אויסצוראָטן פעלקער און קולטורן.

אָבער די אַקטיווקייט פונעם קאַמף קעגן די וועלט־אונטערצינ־דער קומט צום בעסטן אויסדרוק אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט פון יעדן בירגער אין די פרייע לענדער. אויב דער שלום־קעמפער אין אַ קאַפּיטאַליסטישן לאַנד איז אויסגעשטעלט אויף רדיפות און פאַרפאָלגונגען, געפינט זיך דער שלום־קעמפער אין באַדינגונגען פון סאָציאַליזם און פאָלקס־דעמאָקראַטיע אין אַזאַ גליקלעכע לאַגע, אַז זיין בעסטער ביישטייער צום קאַמף קעגן מלחמה און פאַשיזם — איז דער אויפבוי פון זיין אייגן לאַנד, דאָס פאַרמערן פון זיינע רייכ־טימער, דאָס הייבן דעם ווילשטאַנד פון זיין פאָלק, דאָס קרעפטיקן די שוץ־פעיקייט פון זיין פריי פאָטערלאַנד.

אָט אַזעלכע אויפגאַבן שטייען איצט אויך פאַרן גאַנצן פוילישן פאָלק, וואָס איז אַריין אין דער רעאַליזאַציע פונעם גיגאַנטישן זעקס־יאָר־פּלאַן. דער זעקסיאָר־פּלאַן דאָס איז די גרויסע וויזיע, וועלכע פאַראייניקט יונג און אַלט, אַרבעטער און אינטעליגענט, פויער און באַלמעלאָכע צו די גרעסטע אָנשטרענגונגען פאַרן זוויל פון אייגע־נעם פאָלק און פאַרן גליק פון דער גאַנצער מענטשהייט. יעדע נייע פאַבריק, יעדער נייער וווינונג־קוואַרטאַל איז אַ פעסטונג פון שלום;

יעדער וואוקס פון פראָדוקטיוויטעט און וווילשטאַנד אין די באַדינגונגען פון פאָלקס-דעמאָקראַטיע איז אַן אָפּלייקענונג פון די מענטשנ-פיינטלעכע אַמעריקאַנישע „טעאָריעס".

צווישן אַט די אַקטיווע קעמפער פאַרן שלום וועט זיכער נישט פעלן דער יידישער אינטעליגענט — דער פאַרשטייער פון דעם פאָלק, וואָס האָט אַזוי פיל בלוט פאַרגאָסן אויף דער פוילישער ערד, פאַר דער פרייהייט פון דער פוילישער ערד, און וואָס איז מיט אַט דער ערד פאַרבונדן אויף אַלע אייביקייטן.

וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ

## דאָס איז פּאַריז

איז דיר הייסט עס, קיין זאַך נישט געפעלן געוואָרן אין פּאַריז?

קיין זאַך? פּונקט פאַרקערט. ס'איז מיר געפעלן געוואָרן זייער אַ סך.

למשל?

למשל די מענטשן, וועלכע וווינען אין דעם לאַנד. זיי קאָנען געפעלן ווערן פונעם ערשטן אויגנבליק. ס'איז פאַראַן אין זיי עפּעס אַ גינציקייט, אַן אָנגענעמע באַציונג צו אייגענע, וואָס דו מוזט עס גלייך באַמערקן. אויב דו וועסט זיך פאַרהאַלטן אויף דער גאַס און נישט וויסן, וווּאַהין צו גיין, וועט עמעצער תיכּף צו דיר צוקומען און פרעגן, צי וואָלט ער דיר נישט געקאָנט אין עפּעס העלפן. ווען דו וועסט פרעגן דעם וועג, וועט דיר קיינער נישט נאָר נישט אָפּזיד־לען, נאָר געננוי דיר דערקלערן, פלייסיק דיך באַגלייטן אַ שטיקל וועג און פאַר יעדן פרייז זיך באַמיען צו פאַרשטיין דיין שפּראַך, וואָס איז אים נישט באַקאַנט. ווען דו וועסט אַריינקומען אין אַ רעס־טאָראַן צי אין אַ קאַפע־הויז, וועלן די קעלנערס און דער באַלעבאָס זיך אַזוי אויפפירן, ווי דו וואָלסט זיי פאַרשאַפט דעם גרעסטן פער־זענלעכן פאַרגעניגן מיט דיין באַווייזן זיך. און זיי באַדינען דיך מיט אַזאַ אָנגענעמען שמייכל, אַז דו פילסט זיך גלייך היימיש און פריי.

— נו יאָ, דאָ גייט דאָך עפּעס אין פאַרדינסט...

אפשר. ס'גייט אויך וועגן ריווח. אָבער זיי באַגריסן און באַדי־נען דיר פונקט אַזוי, אומאָפּהענגיק דערפון, צו דו האָסט באַשטעלט אַ טייערן מיטאָג מיט ווין, צי אַ פלעשל מינעראַל־וואַסער. אַזוי, אַז דו פאַרגעסט וועגן דעם ענין פאַרדינסט — ס'דאַכט זיך דיר אויס, אַז דו ביזט אַן אָנגענעמער, געוווּנטשענער גאַסט.

דאָס זעלביקע איז אין די געוועלבער. צי דו ביסט געקומען מאַכן גרויסע איינקויפן, צי איינשאַפן זיך עפּעס אַ קלייניקייט, וועט

דאָס חנעוודיקע פראַנצויזישע מיידל אַזוי אָנגענעם, אַ שמייכל טאָן, זיך אַזוי באַמיען צו געפינען דאָס, וואָס אַנטשפּרעכט דיר צומבעסטן, שנעל און פּינטקלעך אויספילן אַלע דיינע פאַרלאַנגען, אַז אויך פון דאַנען גייסטו אַרויס מיטן געפיל, אַז דו האָסט עמעצן פאַרשאַפן פאַרגעניגן.

ווען דו פאָרסט מיטן אויטאָ אויף די וועגן, וועט קיין שום קינד נישט קומען אויפן זינען צו וואַרפן אַ שטיין אָדער אַ שטעקל אין מאַשין. אינעם שטראָם פון די אויטאָס, וואָס לויפן פון אַלע זייטן אין פאַריז האָבט זיך דיר אויס אין די ערשטע עטלעכע טעג, אַז די באַוועגונג איז אַן אַבסאָלוט נישט אָרגאַניזירטע, אַ כאַאָס, ביז דו וועסט ענדלעך באַמערקן, אַז דער כלומרשטער כאַאָס באַ־וועגט זיך מיט לכתחילה נישט באַמערקבאַרע, אָבער אייזערנע אָר־דענונג־געזעצן, וועלכע באַגרענעצן ביז אַ מינימום די צאָל אומגליק־פאַלן, וועסט דאָ קיינמאָל נישט אָנטרעפן קיין אַוואַנטורע צווישן די שאָפערן. קיינער זידלט נישט קיינעם, קיינער דראָט נישט קיי־נעם, די אויטאָ־פירער פאַרשטענדיקן זיך מיט אַ פריינדלעכן רוף, און עס פילט זיך צווישן זיי עפּעס אַ פאַך־פריינדשאַפט, עפּעס אַ קעגנזייטיקע זאָרג פאַר די שכנים, וואָס לויפן פון לינקס און פון רעכטס, פון דער זייט און פון אַנטקעגנאיבער אויף טויזנטער קליינ־ליטראַזשוווקעס. אַפילו דער פּאָליציאַנט, וואָס רעגולירט די באַוועג־גונג, וואַרפט צו וויצן די אויטאָ־פירער. די פאַריזער גאַס אָטעמט מיט אַן אַטמאָספער פון פריינדלעכקייט.

אָבער וואָס עס איז און וואָס קאָן זיין די פאַריזער גאַס, האָבן מיר דערפילט אין דער פולער מאָס בעת דער דעמאָנסטראַציע אויף בופאַלאָ, דעם גראַנדיעזן פאַריזער סטאַדיאָן, ווו ס׳איז פאָרגעקו־מען אַ טאָג פאַרן שליסן דעם קאָנגרעס פון שלום אַ מאַניפעסטאַציע לכבוד שלום און קעגן מלחמה.

פון זעקס אינדערפרי אָן האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען אַ ריזי־קער עולם אין דער ריכטונג פון בופאַלאָ. מיטן מעטראָ, אויף לאַסט־אויטאָס, אויף ראָווערן, צופוס האָבן געשטראָמט טויזנטער און טויזנטער. ס׳איז קיין רייד נישט געווען, אַז דער דאָזיקער מענטש־לעכער ים זאָל זיך אַריינבאַקומען אויפן סטאַדיאָן, אַפילו נישט אַלע דעלעגאַציעס האָבן אַהין געקאָנט אַריינגיין, הגם דער סטאַדיאָן נעמט אַריין איבער 100 טויזנט מענטשן. מיר האָבן געזען דאָס בילד פון אַעראָפּלאַן — דעם סטאַדיאָן, וואָס איז אויסגעפילט ביזן

לעצטן פּלאַץ מיט אַן אָנגעשטאָפּטן המון, און אַלע גאַסן, געסלעך, פּלעצער, סקווערן אַרום אים.

אַביסל ווייטער, אויסערן שטח פֿונעם ריזיקן קרייז, וואָס איז פֿאַרגאָסן מיט הונדערטער טויזנטער מענטשן, זענען אין די שמאָלע גאַסן רייענווייז געשטאַנען טונקעלע פּאָליציייִשע קאַרעטקעס. איינע נאָך דער אַנדערער, איינע נאָך דער אַנדערער אָן אַ שיעור פּאָליציילייט. צענדליקער, הונדערטער קאַרעטקעס, מסתמא טויזנטער פּאָליציילייט. אָבער די האָזיקע טונקעלע רייען, די דאָזיקע קאַרעטקעס, וואָס זאָגן אָן אומגליק, האָבן אויסגעזען קליין און לעכערלעך אין פֿאַרגלייך מיטן מענטשלעכן ים, וואָס איז געפֿלאָסן און געפֿלאָסן אין אַ קאָליר־פֿולן רעגנבויגן פֿון טראַנספּאַרענטן, אין אַ רויטן פֿלאַטער פֿון פֿענער, אין גירלאַנדעס בלומען, אין פֿליגל־פֿלאַטער פֿון ווייסע שלום־טויבן. מענער, פֿרויען, קינדער, יוגנט, אַ ריזיקע כוואַליע, אַן אומבאַזיגלעכע כוואַליע, ווי דער צופֿלוס פֿון אָקעאַן.

די קאָנגרעס־דעלעגאַטן זיצן אויף די טריבונעס. און פֿאַר די טריבונעס גייט די מעכטיקע דעמאָנסטראַציע אַ שעה נאָך אַ שעה, אָן אַ סוף דאַכט זיך.

עס גייען די קוילנגרעבער אין זייערע אַרבעטס־קאָסטיומען. זיי מאַרשירן מיט אַ גלייכן פֿעסטן טראָט. עס גייען אין אַלטע מונדירן יענע מאַטראָזן־וועטעראַנען, וועלכע האָבן שוין מיט יאָרן צוריק, אין דער צייט פֿון דער אינטערווענץ, זיך צעבונטעוועט אויפֿן שוואַרצן ים און אַריבער אויף דער זייט פֿון די באָלשעוויקעס. און דער גאַנצער סטאַדיאָן ברעכט פֿלוצלינג אויס מיט אַן אויסגעשריי, מיט אַן אָוואַציע, וואָס טראָגט זיך אַדורך ווי אַ דונער, שטילט זיך לאַנג נישט איין. דאָרטן הינטערן סטאַדיאָן האָט מען איינגעמאָנטירט הילכערס — און זיי טיילן מיט יענע, וואָס האָבן זיך אויפֿן סטאַדיאָן נישט געקאָנט אַריינבאַקומען, וואָס אויף אים קומט פֿאָר. און אָט טראָגט זיך אַדורך אַ דונער פֿון אויסרופֿן לכּבוד דעם מאַטראָס אַנדריי מאַרטי פֿונעם סטאַדיאָן אויפֿן פּלאַץ, פֿונעם פּלאַץ אויף די גאַסן און הילכט, און זעצט אין דעם פּאַריזער הימל, ווי אַן אויפֿגעהויבענע דראָענדיקע פֿויסט, ווי אַ דראָונג און וואָרענונג. עס גייען אונטער אַן אָפּגעבלאַקעוועטער אַלטער פֿאָן מענטשן, וועלכע זענען נישט מסכּים געווען צו זיין קיין משרתים ביי די אימפּעריאַליסטן. לכּבוד זיי אַפּלאָדירן, שרייען, מאַכן אויסרופֿן די המונים און דאָס דאָזיקע געשריי קומט אַרויס ווי פֿון איין מעכטיקער ברוסט פֿונעם פּאַריזער פֿאָלק.

און איצט פאַרגעסטו אין די מיסטישע פיעסן און אין די הייזע־ריקע לידעלעך, און אין די זיך צעלייגנדיקע מתים אויף די פילמען, און אין די קאָלירטע פלעקן און שטריכן, וואָס דאַרפן פאַרשטעלן בילדער. איצט רעדט דאָס פאָלק פון פראַנקרייך. יענץ פאָלק, וואָס האָט אויפגעהויבן צום הימל די שטיינערנע, שפּיצנאַרטיקע געביי־דעם פונעם נאָטר־דאַם און די קאַטעדרעס אין שאַרטר, און מיטן וווּנדערלעכסטן רעגנבויגן פון וויטראַזשן באַלויכטן לע שאַפּיעל, יענץ פאָלק, וואָס האָט געקעמפט אויף די באַריקאַדן פון דער קאָמו־נע, וואָס האָט דערטרונקען דעם פּלאָט אין טולאָן.

איינער פון די פראַכטפולע פירער פון דער פראַנצויזישער קאָמ־פּאַרטיי, אַ קאָרסיקאַנער מיט אַ פּנים פון די אַלטערטימלעכע צע־זאַרן, ווייזט אונדז מיט דער האַנט, וואָס עס קומט פאָר אויפן סטאַדיאָן.

— דאָס איז פּאַריז...

און זיינע טונקעלע אויגן ברענען מיט דער הייסטער, איבערגע־געבנסטער ליבע, און זיינע ליפּן לייגן זיך צונויף אין אַזאַ וואַרעמען שמייכל, און אין דעם קורצן זאַץ איז דאָ אַזויפיל געפיל, און אַזויפיל גלויבן, און אַזויפיל האָפענונג, אַז מיר פילן, ווי עס שטיקט אונדז אין האַלדז אַ געוואַלדיקע פלאַמיקע גערירטקייט.

יאָ, דאָס איז פּאַריז.

און פּאַריז פלאַקערט פאַר אונדז מיט אַ מעכטיקער מוראַליע, וואָס ס'נעמט צו איר קיין סוף נישט. עס גייען אַרבעטער פון פאַב־ריקן, עס גייען קראַנקן־שוועסטערס פון שפּיטאָלן, עס גייען מיליטע־רישע גרופּן. עס גייען געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. עס גייען געלערנטע, קינדער, יוגנט. עס גייען מוטערס פון אומגעקו־מענע אויף דער מלחמה. עס גייען, עס פאָרן אויף וועגענער אינ־וואַלידן. קעגן מלחמה, קעגן די אונטערצינדער פון אַ נייער וועלט־שׂריפה דעמאָנסטרירט דאָס פראַנצויזישע פאָלק.

טראַנספּאַרענטן, טראַנספּאַרענטן, טראַנספּאַרענטן אָן אַ סוף. זיי רופן, שרייען, זאָגן אָן דער גאַנצער וועלט, אַז דאָס היזיקע פאָלק וועט קיינמאָל נישט מסכים זיין מלחמה צו האַלטן מיטן ראַטנפאַר־באַנד. אַז דאָס היזיקע פאָלק פאָדערט שלום. אַז דאָס היזיקע פאָלק פראָטעסטירט מיט אַ פעסטער, דעצידירטער שטים קעגן די מלחמה־אונטערצינדער. אַז דאָס היזיקע פאָלק ווייסט גוט, ווער ס'איז זיין שונא און ווייסט גוט, ווער ס'איז זיין פריינד.

ווי אַ לעכערלעך, קינדעריש שפּילעכל זעען אויס די רייען שוואַרצע קאַרעטקעס און די רייען טונקל אָנגעטאָענע פּאָליציי-לייט דאָרטן, פון יענער זייט ריזיקן קרייז פון די מאַסן. אַ קליין שטרויעלע, וואָס די דאָזיקע כוואַליע וואָלט געקאָנט אַוועקשווענקען און אַוועק־טראָגן אין משך פון איין סעקונדע.

עס גייען, עס שטראָמען דורכן סטאַדיאָן די קאַראַוואַנען פון שלום, וועלכע זענען געקומען פון די ווייטע ווינקלען פון פראַנק־רייך. פון די פּירענייען און פון צפון, פון מערב און מזרח פון לאַנד זענען זיי געקומען אויפן דאָזיקן טאָג קיין פּאַריז, צו פּאַראַדירן זייער שטים מיט דער שטים פון דער הויפּט-שטאָט, זאָגן זייער וואָרט.

מ'האָט זיי פאַרווערט צו גיין דורך דער שטאָט — זענען זיי געקומען מיט אַרומיקע וועגן. מ'האָט זיי פאַרווערט צו גיין דורך פּאַנטאַבלאַ — ס'האָט זיך דערשראָקן דער מאַרשאַל מאָנטגאָמערי, צי ס'וועלן אים באַזוויזן צו באַשיצן פאַר אַ וועלכע אומאָנגענעם־לעכקייטן די געדונגענע זעלנער פון אַנדערסעס אַרמיי, וועלכע היטן אין פּאַנטאַבלאַ די רו פון די אַמעריקאַנישע אָקופּאַנטן פאַרן צאָרן פון פראַנצויזישן פאָלק — זענען זיי געגאַנגען אַרום פּאַנטאַבלאַ. זיי האָבן דורכגעטראָגן זייערע פענער, דורכגעטראָגן זייערע טראַנס־פּאַרענטן, וואָס פאָדערן שלום אין נאָמען פונעם פאָלק פון פראַנק־רייך דאָ, אויפן סטאַדיאָן בופאַלאָ.

מיט אַ צאָרנדיק געשריי הילכט דער סטאַדיאָן בופאַלאָ. ער ברעכט אויס מיט אַ געזאַנג. פון הונדערטער טויזנטער ברוסטן, פליסט דאָס געזאַנג. דאָס איז נישט קיין געבעט, דאָס איז נישט קיין בעטן רחמנות — דאָס איז אַ וואָרענונג, דאָס איז אַ פעסט צונויפ־געדריקטע פויסט.

אין קאָלומנעס פון טויזנטער גייען די פראַנצויזישע פרויען. נעכטן, אויפן קאָנגרעס זענען געווען זייערע פאָרשטייערינס. זיי האָבן געבראַכט מיליאָנען אונטערשריפטן פון די פראַנצויזישע מו־טערס און פרויען, וועלכע פּראָטעסטירן קעגן מלחמה.

ביים פּרעזידיום-טיש איז געזעסן דער אַמעריקאַנישער פאָר־שטייער אויפן שלום-קאָנגרעס. אָט האָבן פאַרן פּרעזידיום-טיש אָנ־געהויבן פאַרבייגיין די דעלעגאַציעס פון די פראַנצויזישע פרויען. זיי האָבן געטראָגן די „העפטן פון שלום", קליינע העפטן, אין וועלכע מ'האָט געזאַמלט די שטימען פון פּראָטעסט.

זיי זענען געגאַנגען אין אַ לאַנגער פּראָצעסיע, און האָבן גע־לייגט פּעקלעך „שלום־העפּטן" אויפן פּרעזידיום־טיש.

— פּירט עס אַוועק טרומאַנען! די אמתע, נישט־געפּעלשטע שטים פון די פראַנצויזישע פּרויען, די שטים פון פראַנקרייך!

און ס'האָט אָנגעהויבן וואַקסן אַ גרויסער, וואָס אַמאָל גרעסע־רער באַרג פּעקלעך. הונדערטער, טויזנטער, מיליאָנען אונטער־שריפטן. שוין איבער די פּלייצעס איז פאַרשוווּנדן הינטער זיי דער אַמעריקאַנישער דעלעגאַט. זיי האָבן אים שוין פאַרדעקט די באָרד. זיי זענען אים שוין אַריבערגעוואַקסן איבערן קאָפּ. דער קאָלאָסאַ־לער מאַנצביל האָט זיך אויפגעשטעלט, אָבער די דעלעגאַציעס זענען געגאַנגען, און ס'זענען געוואַקסן אויפן טיש די פּעקלעך „שלום־העפּטן", ווי אַ הויכער מויער, וואָס הייבט זיך כסדר אַרויף. ווי אַ הויכער מויער נישט איינצוברעכן אים, אַ מויער צווישן פראַנק־רייך און דער געפאַר, וואָס האַלט זיך אין איין פאַרשטאַרקן פון יענער זייט אָקעאַן.

— פּירט אַוועק צו טרומאַנען! זאָל ער וויסן, וואָס עס פילט, וואָס עס טראַכט דאָס פראַנצויזישע פאָלק און וואָס ס'איז זיין אמתער ווילן! זאָל ער וויסן, אַז פאַקטן מיט דער רעגירונג איז איינס — און דער ווילן פון פאָלק איז עפּעס אַנדערש!

איצט גייען די פּרויען דורכן סטאַדיאָן, ווי אַ כוואַליע אָן אַ סוף. עס שווימט איבער זיי אַ ווייסע שלום־טויב, אָבער די פּענער, וואָס פלאַטערן איבער דער מאַסע זענען רויטע פּענער.

— שלום פאַר וויעטנאַם! — שרייען די טראַנספּאַרענטן, וועל־כע ס'טראָגט די יוגנט, פרויען, אַרבעטער. — שלום פאַר וויעט־נאַם! — שטורעמט הער סטאַדיאָן און דער דאָזיקער רוף צעגייט זיך איבער פּאַריז ווייט, ביזן צענטער, ווו עס זיצן היינט ביי די טע־לעפאָנען די מיניסטאָרן אין יענעם רווישנדיקן, געענדערטן, אַנדערש־דיקן, נישט ענלעכן צום נעכטיקן פּאַריז.

פריינדשאַפט מיטן ראַטנפאַרבאַנד! — שרייען די טראַנספּאַ־רענטן, שטורעמט, שרייט אַ מעכטיקע שטים פון הונדערטער טויזנ־טער ברוסטן, און דאָס דאָזיקע געשריי צעטראָגט זיך ווייט אויף „קידיאָרס", ווו עס זיצן היינט געווים, נישט געקוקט אויפן יום־טוב, די אַמעריקאַנישע באַאַמטע און וואַרטן אָפּ די פּאָליציייאישע מעל־דונגען וועגן פאַרלויף פון דער דעמאָנסטראַציע.

מיר ווען זיך נישט לאָזן אויסנוצן צום קאַמף קעגן ראַטנפאַר־באַנד! שרייען די טראַנספּאַרענטן און עס שטורעמט, דונערט דער

געשריי פון הונדערטער, טויזנטער ברוסטן אויפן סטאַדיאָן און גיסט זיך אַריבער פונעם סטאַדיאָן אויף פּלעצער, אויף גאַסן, און טראָגט זיך ווי אַ דונער איבער פּאַריז.

— זאָל לעבן דער ראַטנפאַרבאַנד! — שרייען די טראַנספּאַ־רענטן, און עס דונערט אַ געשריי פון הונדערטער, טויזנטער ברוסטן און שטורעמט און גיסט זיך איבער פּאַריז ווי אַ וואָרענונג, ווי אַ פעסטער ווילן, ווי דאָס פעסטע וואָרט פון פראַנצויזישן פאָלק.

יענע ווייסן, ווער ס'איז דער פאַרטיידיקער פון שלום, יענע ווייסן, וויפל ס'זענען ווערט די קאַזוּאיסטישע באַווייזן אויף קאָמיס־יעס און קאָמיסיעלעך, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד באַדראָט דעם שלום. יענע ווייסן, ווער ס'זענען די מלחמה־אונטערצינדער. זיי וועט נישט אָפּנאַרן נישט קיין פאַרקויפטע צייטונג, נישט קיין פאַרקויפטער הויכער נאַטשאַלניק. זיי האָבן שוין אויף דער אייגענער הויט דער־פילט וואָס הייסט, ווען אין דיין לאַנד באַלעבאַטעווען פרעמדע. זיי וועלן נישט מיטגערייסן ווערן נישט פון קיין עגזיסטענציאַנאַליס־טישע טעאָריעס און נישט פון קיין קאָסמאָפּאָליטישע המצאות. זיי ווילן לעבן אין זייער פראַנקרייך ווי פרייע מענטשן.

אויפן צווייטן טאָג וועט זשיל מאָק פאַרעפנטלעכן אַן אָפיציעלן קאָמוניקאַט, אַז אין דער דעמאָנסטראַציע האָבן אָנטייל גענומען... פערציק טויזנט פינף הונדערט פערזאָן. אָבער דער דאָזיקער קאָ־מוניקאַט וועט קיינעם נישט אָפּנאַרן — גאַנץ פּאַריז האָט געזען, ווי עס האָט געשטראָמט דער עולם, ווי ס'האָבן געשטורעמט די מאַסן, ווי ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט דער מעטראָ, ווי עס איז צעשטערט געוואָרן אויפן גאַנצן טאָג די גאַסן־באַוועגונג, ווי די שטאָט איז אַרויס אויף די גאַסן. יעדער ווייסט, אַז דורכן סטאַדיאָן זענען אַדורכ־געגאַנגען איבער אַ האַלבער מיליאָן מענטשן — און דאָס ווייסט אויך אויסגעצייכנט זשיל מאָק אַליין. פּונקט ווי ער ווייסט אויסגע־צייכנט, אַז אין דער דעמאָנסטראַציע איז געגאַנגען אַ גרופּע פון זיינע אייגענע אונטערגעאָרדנטע — פּאַריזער פּאָליציי־לייט, וואָס צען טויזנט פון זיי האָבן געמאָלדן וועגן זייער אָנטייל אין שלום־קאָנגרעס. פּונקט ווי ער ווייסט, אַז אין דער דעמאָנסטראַציע זענען געגאַנגען אונטער אַן אייגענער פאָן אַפילו אַ גרופּע דעגאָליסטן און ס'וועט דערצו גאָרנישט העלפן דער הומאָריסטישער קאָמוניקאַט, מיט וועלכן מע האָט געוואָלט באַרואיקן ווער ווייסט וועמען — ווייל זשיל מאָקס אַמעריקאַנער ברויט־געבער האָבן דאָך אויך אַ געוועלדיקן צאָל זייערע מיטאַרבעטער אין פּאַריז, בכדי צו קאָנט־

ראַלירן די פּאָליציי־אַקציע באַריכטן. זוער און וועמען, אויב אַזוי האָט דאָ געוואָלט אָפּנאַרן? מע קאָן פאַרבאַהאַלטן עפּעס אָן אומבאַדייטנדיקן פּאַקט — עס וועט זיך אָבער נישט לאָזן באַהאַלטן אַזאַ מעכטיקע מאַניפעסטאַציע, וואָס פראַנקרייך האָט נישט געהאַט שוין 14 יאָר, האָט נישט געזען זינט דעם העכסטן אויפשוווּנג פונעם פאָלקס־פראָנט.

אָט האָס איז פּאַריז. דער פּרעכטיקער, שטורעמדיקער, דראַענדיקער פּאַריז פונעם פראַנצויזישן פאָלק.

דעם האָזיקן פּאַריז טרעפן מיר נישט נאָר אין בופּאַלאָ. ווען מיר טרעטן אויף מיט קאַרנייטשוקן אויף די פאָרשטעט און אין די קליינע שטעטלעך, פילן מיר בפירוש דאָס שלאָגן פון זיין האַרץ. מיר רעדן נישט — מיר גיבן נאָר תשובות אויף פראַגן. און די פראַגן שיטן זיך, שיטן זיך אוממאויפהערלעך ווי אַ גאָסרעגן. עס פרעגן די אַרבעטער, עס פרעגן די פרויען, עס פרעגט די יוגנט. און דורך זייערע פראַגן אַנטבלויזט זיך פאַר אונדז דער שווערער ביטערער גורל פונעם פראַנצויזישן פאָלק און דאָס פּנים פונעם פראַנצויזישן אַרבעטער־קלאַס. זיי פרעגן און מיר ענטפערן זיי — אָבער וויפל דערוויסן מיר זיך פון די דאָזיקע פראַגן!

מיר געפינען דעם האָזיקן פּאַריז, דעם פּאַריז פון בופּאַלאָ, אין דער אַרבעטער־געגנט, וווּ עס וווינט טאָרעז. ער וווינט דאָ אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן צווישן די מענטשן, וואָס זענען אים נאָענט, ווייט פון די בליענדיקע אַלייען און קלאָמבן פון די עלעגאַנטע גאַסן פון פּאַריז. דאָ זענען די גאַסן גרוי און אומעטיק, און מע זעט נישט קיין עלעגאַנט געקליידעטע פרויען. און מע פילט עפּעס אַ שפּאַנונג — נו יאָ, די מענטשן ווייסן דאָך, אין וועמענס אינטערעסן עס ליגט, אַז דעם אָנפירער פון זייער פּאַרטיי זאָל טרעפן עפּעס אַן אומגליק. און זיי פילן אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיין לעבן און געזונט. און הערפּאַר פילט זיך אין די האָזיקע גאַסן די אַטמאָספער פון עפּעס אַ שטענדיקער וואַכזאַמקייט, פון עפּעס אַ שטענדיקער גרייטקייט, וואָס דערציילט אונדז מער וועגן די באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז טעטיק די אַרבעטער־באַוועגונג פון פראַנקרייך ווי דערציילונגען וועגן צענדליקער פּאַקטן. מיר געפינען דעם דאָזיקן פּאַריז אין די ווערטער און הערצער פון צענדליקער מענטשן, מיט וועמען עס איז אונדז אויסגעקומען זיך צו טרעפן און אַרבעטן פאַר דער צייט פון אָרגאַניזירן דעם קאָנגרעס און בעת זיין דויערן. פון די דאָזיקע, האָכט זיך, שוואַכע פרויען, וועלכע האָבן געקעמפט אומ־

בויגזאם בעת דער אקופאציע, וועלכע דינען היינט ווייטער, גרייט זיך מקריב צו זיין דעם אייגענעם פאלק. פון די מענער, וועלכע האבן על־פי־נס אויסגעמיטן די תליה און וועלכע קעמפן היינט ווייטער אין די שווערסטע אומדערטרעגלעכסטע באדינגונגען.

מיר געפינען דעם דאזיקן פאריז, דעם פאריז פון בופאלא אין דעם רייצנדיקן שמייכל פון מארי־קלאד וואיאן קוטוריער, איינע פון די פירערינס פון דער אינטערנאציאנאלער אנטיפאשיסטישער פרויען־באוועגונג. מארי קלאד פארציט עטוואס דעם ארבל פון דער בלוזקע — אויף דער האנט איז אויסגעטאטואירט דער נומער פון אן ארעסטאנטין פון אשוויענטשים. די דאזיקע שוואכע פרוי, וואס איז דעמלט שווער קראנק געווען אויף שווינדזוכט, איז אוועק אין פאשיסטישן לאגער און אפגעוועזן דארט דריי יאר. און זי האט אויסגעהאלטן און איבערגעהאלטן אלץ — און געפירט אין לאגער אן אונטערערדישע ארבעט, און געראטעוועט הונדערטער מענטשן, און געבראכט גלויבן און האפענונג די מיטארעסטאנטן, און זיך נישט געלאזט איינברעכן, און נישט פארלוירן דארט איר פרעכטיקן שמייכל, וואס באלייכט אזויווי פון אינעווייניק איר פנים און הילט זי ארום מיט אן אויסערגעווייגטלעכער שיינקייט.

דער דאזיקער פאריז איז אונדז נאענט, פארשטענדלעך און טייער. און דער דאזיקער פאריז פארשטייט אויך די סאוויעטישע מענטשן.

אין א קליין שטעטעלע, און אייגנטלעך נאך אויף א פארשטאט פון פאריז, איז אין אוונט צוגעקומען צו מיר א פראנצויזישער דאקטער.

— צי וואלט מען נישט קאנען אויפזוכן די אדרעסן פון דריי אייערע מיידלעך? טאניע, סאניע און מארישע... — זיי זענען געווען מיט אונדז אין לאגער, זיי האבן שטעלנדיק אין געפאר דאס אייגענע לעבן, געראטעוועט פון טויט מיין טעכטערל... מיר וואלטן אזוי וועלן, איך און מיין פרוי, זאגן זיי היינט, אז מיר פארגעסן זיי קיינמאל נישט, אז מיר זענען זייערע אייביקע בעלי־חובות.

ער עפנט אויף פאפירלעך, אלטע אמאליקע אדרעסן, אן אפגעבליאקעוועטע אמאטארישע פאטאגראפיע. טאניע, סאניע, מארישע, ווו איר זאלט זיך היינט נישט געפינען, אויב ס'וועט אריינפאלן אין אייערע הענט דאס דאזיקע ארטיקל, זייט וויסן, אז דארטן, ווייט אין א קליין שטעטעלע לעבן פאריז, דערמאנען אייך צוויי מענטשן און פילן צו אייך אין הארצן אייביקע דאנקבארקייט.

אָבער אַט קומען צו נאָכן דאָקטער אַנדערע. און עס ווערט זיך פאַר אונדז פאַנאַנדער אַ דערציילונג וועגן סאָוויעטישע מענטשן. וועגן זייער אייזנפעסטער העלדישקייט. וועגן זייער האַלטן זיך פול מיט חשיבות הינטער די שטעכיקע דראָטן פון די לאַגערן, הינטער דעם בלוטיקן מויער פון דעם געשטאַפּאָ־גיהנום.

— וואָלטן נישט זיי, וואָלטן מיר אַלע אומגעקומען...

— דאָס האָבן די סאָוויעטישע מיידלעך אונדז אָנגעפילט מיט גלויבן און האָפענונג, וועלכע האָט אונדז געהאָלפן איבערהאַלטן, איבערלעבן אַלע גרויזאַמקייטן פון די לאַגערן. דאָס האָבן אונדז די סאָוויעטישע מענטשן געלערנט העלדישקייט.

און ווי נאָר מיר געפינען זיך, חזרט זיך איבער די האָזיקע געשיכטע. ס'ווערט זיך אַלע מאָל געפינען אין זאַל עמעצער, וואָס האָט זיך אין די בלוטיקסטע טעג פון דער היטלעריסטישער געפאַנגענשאַפט באַגעגנט מיט סאָוויעטישע מענטשן, און ס'זענען ביי זיי פאַרבליבן דערינערונגען וועגן זיי, ווי אַ ליכטיקער שטראַל, אויפן גאַנצן לעבן.

אַ גרויע אַלטיטשקע, קענטיק, אַ אַרבעטערין, ציט מיך אומגעדולדיק פאַרן אַרבל.

— וואַסיל! וואַסיל האָט ער געהייסן... אַ געבוירענער זון וואָלט נישט געקאָנט זיין אַזוי צו מיר, ווי ער... ער האָט מיך אַ סך מאָל געראַטעוועט פון טויט, פון מויל צוגענומען ביי זיך דאָס לעצטע שטיקל ברויט און מיר אָפּגעגעבן... אַ געבוירענער זון... וואַסיל, וואַסיל...

זי קען אַפילו נישט דעם פאַמיליע־נאָמען. עס דוכט זיך איר, אַז איך מוז זיכער, איך מוז קענען דעם וואַסילן, וועלכער איז געווען פאַר איר, ווי אַן אייגענער זון. דעם דאָזיקן וואַסילן, וועלכער האָט אין פאַשיסטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער געטראַכט נישט וועגן זיך, נאָר וועגן דער פרעמדער פראַנצויזישער פרוי, דער אַלטיטשקער, וואָס ער האָט געראַטעוועט, אויף וועלכער ער האָט השגחה געגעבן, פאַר וועמען ער איז געווען מער ווי אַ זון...

פאַרשמירטע, האַלב אויף רוסיש, האַלב אויף פראַנצויזיש פאַרשריבענע אַדרעסן. איבערגעדרייטע פאַמיליע־נעמען. ווי זשע קאָן מען עס היינט געפינען די דאָזיקע מענטשן אויף די ריזיקע שטחים פונעם ראַטנפאַרבאַנד? אָבער איך וועל דערפילן דעם צוזאָג, וואָס איך האָב געגעבן דאָרטן, ווייט, אונטער אַ פרעמדן הימל. טייערסטע מיינע, איר, וואָס האָט אין די שוואַרצע, בלוטיקע טעג הינטער די

קראַטעם פון תפיסות, הינטער די מויערן פון לאַגערן געטראָגן הויך די פאָן פונעם סאָוויעטישן פאָטערלאַנד, איר, וואָס האָט געדינט פאַר א ביישפּיל, איר, וואָס האָט זיך נישט געוואַקלט צו שטעלן אין גע־פאַר דאָס אייגענע לעבן, כדי צו ראַטעווען אַנדערע, — איך גיב אייך איבער אַ גרוס פון צענדליקער, הונדערטער פראַנצויזן און פראַנצוי־זינס, וואָס ערן אייערע נעמען ווי אַ הייליקייט און דערמאָנען זיי מיט טרערן פון דאַנקבאַרקייט, פון די פראַנצויזן און פראַנצויזינס, וועלכע איר האָט געראַטעוועט פון טויט און געפאַלנקייט און איינ־געפלאַנצט אין זיי אויף אייביק ליבע און צוטרוי צום גרויסן סאָוויע־טישן פאָלק.

און ווען מיר וועלן שפּעטער אויף די טראַנספּאַרענטן אין בופאלאָ צענדליקער און הונדערטער אויפשריפטן: מיר וועלן זיך נישט לאָזן אַריינשטויסן אין קאַמף מיט די העלדן פון סטאַלינגראַד — וויסן מיר, אַז פאַר די דאָזיקע מענטשן האָט ראַטנפאַרבאַנד אויפגעהערט צו זיין עפּעס ווייטס און אומבאַקאַנטס. אַז אויסער דער געשיכטע, וואָס האָט גערעדט צו זיי מיט דער מעכטיקער שטים פון אונדזערע זיגרייכע קאַמפן, האָבן גערעדט צו זיי מיט פשוטע, האַר־ציקע ווערטער, פשוטע, האַרציקע סאָוויעטישע מענטשן, און דעם אָנדענק פון יענע ווערטער וועט קיין שום זאַך נישט פאַרווישן.

דאָרט, אין פאַנטאַבלאָ, זיצט מאַנטגאָמערים שטאַב. אין אויי־סערן־מיניסטעריום און אין אינערן־מיניסטעריום אַמטירן אַמעריקאַ־נישע באַאַמטע. עס שליסט פּאַקטן און אָפּמאַכן אַ רעגירונג, וואָס איר שטים איז נישט די שטים פונעם פאָלק.

אָבער מיר האָבן געהערט די שטים פונעם פאָלק, די שטים פון פראַנצויזישן פאָלק. פון דעם, וואָס האָט געשטורעמט די באַסטי־ליע, געקעמפט אויף די באַריקאַדן פון דער קאָמונע, דערטרונקען דעם פלאָט אין טולאָן.

און די דאָזיקע שטים איז אַ פעסטע און דראָענדיקע, און די דאָזיקע שטים וועט באַווייזן צו הילכן ווי אַ דונער צום הימל אין פאַריז.

און ווען מיר דאַרפן שוין פון האַנען אַוועקפאָרן, ריינט אַראָפּ ווי אַ שמוציקע שוים די דערינערונג וועגן הייזעריקע לידלעך, וועגן מחנות נאַקעטע קערפּערס אין די קאַבאַרעטן, וועגן מיסטישע פּיעסן, וואָס ווערן אַרויסגעשלעפּט פון דעם מיסטקאַסטן פון דער פאַרגאַנ־גענהייט צום נוצן היינטיקן טאָג. עס פאַרבלייבט אין די אויערן און אין האַרצן דער שטאַרקער און דראָענדיקער רוף פונעם אמתן

פאריז, וועלכער האָט געשטורעמט די באַסטיליע און געקעמפט אויף די באַריקאַדן פון דער קאָמונע און לעבט ביזן היינטיקן טאָג, און עקזיסטירט, און גיט וועגן זיך צו הערן.

און מיר חזרן איבער דאָס, וואָס ס'האָט געזאָגט אויפן בופּאָלאָ מיט דער וואַרעמסטער ליבע און מיט אַזאַ שטאָלץ לאַרען קאַזאַ־נאָווע: דאָס איז פאַריז!

אַנגע זעגערס

## ווראָצלאַוו און סאַן שאַפּעל

אָט איז שוין דער סוף יאָר 1948, און ס׳וועט נאָך פיל וואַסער אַוועקפליסן, איידער אַלע וויטראַזשן פון דער אייבערשטער קאַפּליצע וועלן זיך אומקערן אויף זייער אָרט קיין סאַן־שאַפּעל. פונקט ווי די וויטראַזשן פון נאָטר־דאַם און שאַרטר, זענען זיי אין דער צייט פון דער מלחמה אַרויסגענומען און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין פאַר־שידענע ווייטע געגנטן, אַפילו קיין מאַראָקאָ, לויטן געהיימען פּלאַן, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל זיי צו פאַרזיכערן.

וואָס פאַר אַן אומעטיקער טאָג איז דאָס געווען, ווען מיר זענען, בעתן עוואַקואירן פּאַריז אין פרילינג 1940, אַריין אין סאַן־שאַפּעל, וועלכע האָט — אָן אירע וויטראַזשן — אויסגעזען, ווי אַ בלינדע. די ברוטאַלע, אומברחמנותדיקע טאָג־שיין האָט מיט שאַרפע פיילן דורכגעהאַקט דעם שטיינערנעם שקעלעט פון דעם טעמפּל. ס׳איז פאַרשוואונדן דער כישוף, וואָס האָט אונדז אַמאָל באַצויבערט: די רויט און בלויע שויבן, די מאַגיע פונעם קריסטעלעכן מערב. שטייענ־דיק אונטער דעם דאָזיקן קאַלטן אַנטבלויזטן געוועלב, האָט מען געקאָנט באַנעמען, וואָס דאָ האָט געקאָנט רייצן מיט עטלעכע יאָר־הונדערטער צוריק די מענטשן פון מזרח, די אַרכיבישקופן און די בויער פון דער קירך, ווען מ׳האָט זיי געוויזן אירע פלענער און דעם וואונדערלעכן דרייסטן סטיל, וועלכן מע רופט היינט אָן גאָטיק. אפשר האָט זיך זיי אין יענע צייטן אַזאַ געביידע, ווו דאָס וויכטיק־סטע זענען נישט די ווענט, נאָר די פענצטער, אויסגעדוכט, אַזוי זיך אויסצודריקן, „סוררעאַליסטיש” אָדער „אַבסטראַקט”.

די פראַכט פון די וויטראַזשן איז פאַרשוואונדן צו דער ריכטיקער צייט. די „לעכערלעכע מלחמה” האָט זיך געענדיקט אין פראַנק־רייך. דאַקעגן פאַר פוילן, וואָס איז נישט לאַנג צוריק געוואָרן אַ קרבן פון דער אַכזריותדיקסטער אינוואַזיע, איז דאָס דאָזיקע ערשטע

יאָר פון דער מלחמה לחלוטין נישט געווען קיין לעכערלעכס. היט־לער האָט, אָנשפּאַרנדיק איין פוס אויף זיין נייעם „גענעראַל־גוווער־נעמענט”, אויסגעצויגן דעם צווייטן אויף מערב. זיינע זעלנער האָבן באַקומען בנוגע פראַנקרייך אַנדערע אינסטרוקציעס, איידער די, וואָס האָבן פאַרפליכטעט לגבי מזרח. צווישן די דראָבערטע לענ־דער האָבן זיך אים אייניקע אויסגעדוכט נידעריקערע, אַנדערע ווידער דעגענערירטע, אָבער ראַפינירטע. דערפאַר האָט ער גע־האַלטן פאַר צוועקמעסיק צו האַנדלען לגבי יענע אַנדערע מיט אַ געוויסער פאַרזיכטיקייט. די הערן פון ווישי האָבן איבערגעפאַרבט דעם דעוויז „פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט”, וואָס איז שוין זינט 150 יאָר איינגעבאַקן אינעם האַרצן פון פראַנצויזישן פאָלק, אויפן דעוויז „אַרבעט, משפחה, פאָטערלאַנד”. די שיך פון פרעמדע זעלנער האָבן געטראָטן אויף דער פאָדלאָגע פון דעם טעמפּל, וואָס איז אויסגעליידיקט געוואָרן און מ׳האָט באַרויבט זיינע פענצטער. אַזוי גוט ווי זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען זיין גייסט, האָבן זיי אויך נישט באַנומען דעם גייסט פון דער שטאָט, וואָס זיי האָבן פאַר־נומען. ווייל דער דאָזיקער גייסט — אין הסכם מיטן געהיימען פּלאַן — האָט זיך פאַרבאַהאַלטן פאַר זיי.

ווען נאָכן דעראָבערן די פרייהייט, זענען אָנגעקומען קיין פּאַריז די ערשטע קאָסטנס מיט די וויטראַזשן, זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנ־גען, אַז דער שלום־טראַקטאַט צווישן די פיר אַליאַנטן וועט אונטער־געשריבן ווערן אין וואַרשע. דערמלט האָט מען גערעדט וועגן אַ שלום אָן אַן „אָבער” און „אויב”. די גלעזערס, וואָס האָבן צוגעפּאַסט די וויטראַזשען אויף די הויכע רושטאָוואַניעס, האָבן אויפריכטיק גע־גלייבט, אַז די דאָזיקע וואונדער־ווערק וועלן שוין קיינמאָל נישט באַדראָט ווערן דורך באָמבאַרדירונגען. האָט טאַקע וואַרשע, שוואַרץ ווי דער גיהנום, זיך זיי אויסגעדוכט ווי אַ קעגנזאַץ צו דער מאַגיע פון גלאָז, אַ סימבאָל פון די שוידערלעכקייטן, וואָס וועלן שוין ק יי נ־מ אָ ל נישט באַדראָען זייערע קינדער. וואַרשע — די שטאָט, וואָס היטלער האָט שטוב נאָך שטוב אויסגעגליכן מיט דער ערד. וועגן דעם טאַקע האָבן זיי געטראַכט, אויפשטעלנדיק די רושטאָוואַניעס צום דריטן בויגן־פענצטער, רעכטס פון אַריינגאַנג.

אָבער נישט בלויז די הויפּטשטאָט — גאַנץ פּוילן איז געוואָרן אַ ביישפּיל דערפון, וואָס עס וועט באַווייזן צו מאַכן מיט די מענטשן און מיטן לאַנד דער פאַשיזם, ווען ער וועט קומען צו דער מאַכט. נאָך דער מפּלה, וואָס ער האָט געכאַפּט הינטער סטאַלינגראַד, ווען

דער אויסגאַנג פון דער מלחמה איז געוואָרן נישט זיכער פאַר היט־לערן, ווען ס'האָבן זיך פאַרשטאַרקט די כוחות פון ווידערשטאַנד, און באַזונדערס — בעתן לעצטן עטאַפּ, ווען דאָס שאַפן אַ צווייטן פראָנט אין יולי יאָר 1944 האָט ענגער געמאַכט די אַרומרינגלונג פון די דייטשע אַרמייען, איז דאָס „גענעראַל גוווערנעמען" געוואָרן פאַר היטלערן דער פּלאַץ פון די סאַמע צינישסטע עקספּערימענטן. דער פאַשיזם האָט דאָרט ליקווידירט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר איבעריק. מיידאַנעק, אַשוויענטשים, טרעבלינקע! די בלויזע נעמען רופן אַרויס אַ ציטער פון שוידער, און געדוכט האָט זיך דעמלט, אַז דאָס וועט דויערן אייביק. גלייכצייטיק האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן דער באַוועגונג פון ווידערשטאַנד. דאָס זענען ידיעות פון מערב און מזרח, פון איין זייט וועגן די פּאַרטיזאַנער, וועגן די מענטשן פון וואַלד, פון דער צווייטער זייט וועגן וואַרשע־ווער אויפשטאַנד און אַ יאָר פריער — וועגן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דאָס אַלץ איז געווען אַ באַווייז פאַר די, וועלכע האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן אין מענטש, אַז עס זענען פאַראַן זאַכן, איבער וועלכע דער פאַשיזם האָט נישט קיין מאַכט, ווען אַפילו ער האָט דעראָבערט די מאַכט.

די, וועלכע האָבן באַזוכט סאַן־מישעל אין פרילינג יאָר 1947, האָבן נאָך נישט געקאָנט אין דער פולער מאָס דערפילן די שיינ־קייט פון די וויטראַזשען, כאָטש ס'האָבן זיי שוין פאַרויסגעזאָגט געוויסע סימנים. די רויטע און בלויע, געלע און גרינע שטראַלן פון די שויבן האָבן געוואָרפן אַ בלאַסן אָפּשיין אויף דעם ליכט פון טאָג, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין דער אייבערשטער קאַפּליצע דורך די פאַרטונקלטע און פאַרשמוציקטע פענצטער.

די גלעזער שפּאַרן אָן די רושטאָוואַניעס אין דער לינקער זייט פון דער וואַנט. אַ סך צייט וועט פאַרנעמען דאָס אַריינשטעלן 1400 שויבן — איינע נאָך דער צווייטער. די דאָזיקע וויטראַזשען זענען שוין געווען איין מאָל פאַרזיכערט: נאָכן אויסברוך פון דער ערש־טער וועלט־מלחמה; נאָכהער נאָכן אונטערשרייבן דעם ווערסאַלער טראַקטאַט, ווען זיי זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן אויף זייערע ערטער ווי ס'האָט זיך דעמלט אויסגעדוכט — אויף אייביק. דער, וואָס האָט פאַראָרדנט אויפצובויען די קאַפּליצע פאַר דער רעליק־וויע — דער הייליקער לודוויק — וואָלט נאָך היינט געקאָנט, ווי ער האָט דאָס געטאָן אַמאָל, באַהאַלטן זיך אין דעם איינגבּרוך פונעם מויער אויף רעכטס פון דער אַמבאָנע. ער וואָלט אין העררבסט יאָר

1947 געקאַנט נאָכפאָלגן טריט נאָך טריט די פּאַמעלעכדיקע אָבער פּינקטלעכע אַרבעט, וואָס איז דאָרט געמאַכט געוואָרן. ווען עס וועט פאַרענדיקט ווערן דאָס דאָזיקע מעשׂהלע אין גלאָז, וואָס וועט נישט טראָגן אויף זיך די לאַסט און שאַרפקייט פון מענטשלעכע געדאַנקען און קודם־כּל דעם שטויב און שמוץ פון מענטשלעכער אַרבעט, וועט דאָס זיין אַ וווּנדערבאַרע פּראַכט. יעדעס בילד איז אויסגעפירט געוואָרן, פּרט נאָך אַ פּרט, אין הסכּם מיט די אינס־טרוקציעס פון די טעאָלאָגן, וואָס האָבן אין יעדער צייכענונג, מיט יעדן פּרט זיך טריי צוגעפּאַסט צו די פאָרשריפטן, וועלכע ס'האָט אין יענער צייט געפאָדערט די גרויסע טעמע, וואָס זיי האָבן אויס־געקליבן, און אַלץ וואָס איז מיט איר געווען פאַרבונדן אין די אַרויס־זאָגונגען פון די אַפּאָסטאָלן און נביאים.

היינט רעדט שוין קיינער נישט וועגן דעם שלום־טראַקטאַט און באַזונדערס וועגן דעם שלום־טראַקטאַט, וואָס איז אונטערגע־שריבן געוואָרן אין וואַרשע. דאַקעגן רעדט מען אַ סך וועגן דעם „אייזערנעם פאָרהאַנג".

און פונדעסטוועגן הייבט זיך אויף פון דער דאָזיקער פאַרבלוטיק טער און פאַראַשטער שטאָט אַ שטים, וואָס זאָגט אָן, ווי אַזוי מע וועט קאָנען אויסבויען אַ נייע געזעלשאַפט, וווּ עס וועט נישט זיין קיין מלחמות און אויסנוצונג.

נאָך דער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן האָט זיך אָנגעצייכנט אַ קלאָרע דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן מערב און מזרח. דער מאַרשאַל־פּלאַן האָט אַזויפיל ענלעכעס מיט סאַן־שאַפעל פון הייליקן לודוויק, ווי וויטראַזשען מיט דער שווערער אינדוסטריע. צי וועט מען אויך דאָס מאָל דאַרפן באַזייטיקן די וויטראַזשען, נאָך איידער מע וועט פאַרענדיקן זיי אַריינצושטעלן? צייטנווייז דוכט זיך, אַז מיר זענען עדות פון עפּעס אַ „לעכערלעכן שלום", וועלכער איז געקומען נאָך אַ „לעכערלעכער מלחמה".

אין ווינטער גייט זייער פּאַמעלעך צו די אַרבעט פון אַריינ־שטעלן די וויטראַזשען. די אַרבעטער שטעלן פאָרזיכטיק אַריין, ווי דאָס פאַרלאַנגט זייער פאַך, איין שויב נאָך דעם צווייטן. פּונקט אַזוי האָבן געאַרבעט גאַנצע דורות אַרבעטער אין שאַרטר, און פיל פון זיי האָבן זייער גאַנץ לעבן געאַרבעט הויך אויף רושטאָוואַניעס, באַדראָט קודם־כּל פון פיילן און שווערדן און נאָכהער פון סנאַריאַדן און קוילן.

די גאסן פון פאריז זענען פונקט אזוי באלויכטן און טומלדיק, ווי פאר דער מלחמה. אבער דאס בלויזע אויסזען פון די רייך־אויס־געשטאטע שווי־פענצטער קאן נישט באפרידיקן יענע — וואס די קליינע פארדינסטן דערלויבן זיי נישט צו מאכן קיין איינקויפן. דער אומצוטרוי, וועלכן ס'האט דערוועקט די פעלקער־ליגע, איז אריבער אויף דער אונא. די אייזערנע קורטינע, די שטאלענע קור־טינע פונעם מערב־בלאק ווערט וואס אמאל אלץ וויניקער דורכ־דרינגלעך, וואס מער מעטאל מען ארבעט אויס אין זיינע אמאליקע פאבריקן.

און אין ווארשע קוקן זיך די מענטשן צו — אן אומצוטרוי, אן קנאה, אן מורא פאר ארבעטלאזיקייט און מלחמה צו די שווי־פענצ־טער פון די געוועלבער, וואס הייבן זיך ארויס פון צווישן די חורבות. צופוסנס פון די רושטאוואניעס, צווישן דעם זיס־זויערן ריח פון שטויב, ווערן ווידער זייערע אויגן געלאקט פון קעגנשטאנדן, וואס זיי האבן אזוי לאנג נישט געהאט: וועש און אנצוגן, זילבער און זיסווארג, וואס זענען צוטריטלעכע פאר זיי, ווייל זייערע פאר־דינסטן זענען פראפארציאנעל צו זייער ארבעט און אפהענגיק פון זייערע קענטעניש.

אין פרילינג יאר 1947 איז פארגעקומען אין ווארשעווער געטא די אנטהילונג פונעם דענקמאל, וואס איז אויפגעשטעלט געווארן לכבוד די אויפשטענדלער פון געטא. א ריזיקער עולם פון דעלעגאטן, געקומענע פון דער גאנצער וועלט, האט זיך פארזאמלט אויפן פוסטן פלאץ, בכדי אפצוזינגען א רעקוויעם אין דער געגנט, וווּ אויסער ציגל און צעבויגענע רערן דערמאנט קיין זאך נישט אין דעם מענטש־לעכן לעבן אויף דער ערד, וווּ עס פוישט אויף איצט דאס ווילד־גראז, וואס וואקסט אויף די טויטע קערפערס פון טויזנטער קרבנות.

דאס אריינשטעלן די וויטראזשען איז נאך נישט פארענדיקט. דאס הערבסטיקע טויבן־גרויע ליכט פון פאריז דרינגט אריין דורך די בלינדע אויגן אויף דעם אריינגאנג אין דער קאפליצע. דאס אינע־ווייניקסטע ליכט, וואס קומט פון די בויגן־פענצטער, הגם ס'איז גענוג, קאן נישט אויספילן דעם גאנצן שטח.

די דעלעגירטע פון מערב, וועלכע האבן אנטיילגענומען אין וורא־צלאווער קאנגרעס, זענען צוריק געקומען קיין פאריז. די פראנ־צויזן האבן פארענדיקט די באראטונגען, איינשטימיק אנגענומען די באשלוסן פונעם קאנגרעס און אויפגעזונגען דעם אינטערנאציא־נאל. דער דאזיקער הימן, וואס האט מיטגעריסן דעם קאנגרעס און

געוואָרן זיין פינאַל, איז גלייכצייטיק אַן אַריינפיר צו פאַרווירקלעכן דאָס אַלץ, וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן אין וואַרשאַווע.

ס'איז אַ פאַקט, אַז פּאַריז געפינט זיך אין מערב־אייראָפּע; דערפאַר פאַרגעסט מען עס לייכט, און ס'דוכט זיך, אַז זי געפינט זיך אין גרויס געפאַר אויף מזרח, ווען מע קוקט פון דער זייט פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן, מעקסיקע, טשילע, אַרגענטינע, בראַזיליע, פּאַראַ־גוואַי — מיט איין וואָרט פון אַלע די לענדער, וועלכע האָבן געשיקט קיין פוילן זייערע דעלעגאַטן.

די מערב־סטרעפּעס, אָדער דאָס וואָס מע רופט אַן מיטן דאָזיקן נאָמען אין מיטל־אייראָפּע, באַקומען אַ מיקראָסקאָפּישן פאַרנעם אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס הייסט אין דער געאָגראַפיע: „מערב־קולטור".

דער שוואַרצער דיכטער צעזאַר, אַ דעפּוטירטער פון מאַרטיניק, איז צוריקגעקומען צו זיינע ווייטלער קיין אַנטיל. דער בראַזיליאַנער דיכטער איז נאָכנישט צוריקגעקומען אין זיין היימלאַנד, און שוין דראָען אים רעפּרעסיעס מצד די מאַכט־אָרגאַנען. די אייזערנע קור־טינע אויף יענער זייט אָקעאַן, די אייזערנע קורטינע, וואָס טיילט אָפּ דעם מאָרגן פון דעם נעכטן.

דאָס הויפּט־ווערק פון סאַן־שאַפּעל, וואָס דאָס אויפשטעלן עס טרעפט אָן אויף די שטאַרקסטע שוועריקייטן, וועט לסוף ווערן אַריינ־געשטעלט. כל־זמן ס'וועט נישט זיין אויפן אָרט קיין ראָזעטן, וועט דאָס טאָג־ליכט פאַלן פונקט אַזוי האַרט און עקשנותדיק, ווי די לעצטע אַכט יאָר. דערווייל איז דער שלום ווייטער אַ לעגענדע.

דערווייל אַמטירט אויף דער צווייטער זייט שטאָט, אין פּאַלאַץ פון שאַיאָ, דער „אונאָ". ווען דו קוקסט אויף אים פון דער ווייטנס, וואָלסטו געזאָגט — אַ קליין ביינדל פון אַ דאָמינאָ, פאַרשטעקט אין מיטן אַ בילד, וואָס איז אַרומגערעמט פון דעם מעכטיקן צאַקאָל פון דעם אייפל־טורעם. אָבער געזען פון דער נאָענט, אַנטהאַלט אין זיך דאָס קליינע ביינדל אַ רחבותדיקן אַמפּיטעאַטער, אין וועלכן עס שפּילט זיך אָפּ אַ קאָמפּליצירטע און קאָנווענציאָנעלע דראַמע. און פּלוצלונג — ווי אין דער בארימטער באַלאַדע פון שילערן, ווען אַ סטאַדע באָטשאַנעס שניידט דורך מיט אַ פייף די לופט — פאַר־וואַנדלט ווישינסקי די זיצונג אויף עטלעכע שעה אין אַ געריכטס־פאַרהאַנדלונג, משפּטנדיק די, וועלכע באַמיען זיך צו מאַכן פון דעם בערלינער ענין אַ פּרעטעקסט פאַר אַ נייער מלחמה.

דער וועטאָ פון דער רוסישער דעלעגאַציע אויף די קאָנטראָל־פּראָפּאָזיציעס פון די אַליאַנטן מאַכט אַלעמאָל אַן אַ גרויסן טומל אין דער פּרעסע. דעם טומל מאַכט מען צוליב דעם, כדי מע זאָל פאַרגעסן וועגן דעם באַוווסטזיניקן אָפּזאָג, אויף וועלכן עס האָט זיך אָנגעשטויסן ווישינסקי, ווען ער האָט אַרויסגערוקט די פאָרשלאָגן צו רעדוצירן די באַוואָפענונגען און פאַרבאָטן צו באַנוצן די אַטאָם־ענערגיע צו מלחמה־צוועקן.

ווען מע פרעגט די אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אין דעם מאָמענט אין סאַן־שאַפעל, צי זיי זענען זיכער, אַז זיי וועלן קאָנען ענדיקן זייער אַרבעט, ענטפערן זיי פאַרוווּנדערט: „זיכער! פאַרוואָס נישט?״ זיי זענען טיף איבערצייגט, אַז דאָס איז אָפּהענגיק פון זיי. כאָטש זיי זענען אַ קליין הייפל אַרבעטער ספּעציאַליסטן, ווייסן זיי גוט, אַז זייער מלאכה שטיצט זיך אויף שלום. זיי ווייסן, אַז סיי דאָס ערשטע, סיי דאָס צווייטע פאָדערט געוויסנהאַפטיקייט, קאָמפּעטענץ, אַ פעסטע האַנט און אויסדויער, וואָס זיי האָבן שוין דערגרייכט אין זייער מלאכה.

אָבער וואָרשע וועט שוין אין גיכן אויפהערן צו זיין די סימבאָלישע שטאָט, די צוזאַמענסטע צוגעפּאַסטע דערצו, מע זאָל אין איר אונטערשרייבן דעם שלום־טראַקטאַט — ווייל זי בויט זיך צו שנעל. די נייע שטאָט וואַקסט פאַר די אויגן, אין וואָלקנס שטויב, אין אָנהויפונג פון רושטאָוואַניעס צווישן די שפּורן, וואָס ס׳האָבן איבערגעלאָזט די אונטערצינדער.

ווען אַ דאַנק אונדזער וואַכזאַמקייט — וועלן ענדלעך די אַרבעטן אין סאַן־שאַפעל פאַרענדיקט ווערן אָן שטערונגען, וועט די מאַגיע פון די רויטע און בלויע שויבן אונדז ווידער פאַרכישופן. די מענטשן וועלן צוריקקומען צו די דאָזיקע ווענט, בכדי — ענלעכע צו קינדער — צו פאַרגעסן זייערע האגות און זאָרגן אין אַ שוץ־אָרט, וואָס איז זיכערער ווי אַלע אַנדערע, ווייל דאָס איז אַ קונסט־ווערק.

דער צווייטער יאָרטויזנט וועט זיך פאַרענדיקן מיט אַ נס: מיר וועלן דערזען, ווי די וויטראַזשן וועלן אָפּשטויסן די קוילן.

## קיין נייטראַלע זענען נישטאָ

פון כלומרשט קליינע פאַקטן — אָבער פאַרט פאַקטן — קאָן מען אַמאָל מאַכן גאָרנישט קיין קליינע אויספירן... אין דעם פּאָפּולערסטן און עלטסטן, איבער 20 יאָר עקזיסטירנדיקן ענגלישן, סאַטירישן וואָכנבלאַט „פּינש" האָט זיך באַוויזן אויף זייט 293 אַ קאַריקאַטור, וואָס איר אינהאַלט וועט אונדז דינען ווי אַן אויסגאַנגספונקט פאַר באַטראַכטונגען אויף דער טעמע... שלום אויף דער וועלט. די אילוסטראַציע איז אָן אַן אויפקלערנדיקן אונטערשריפט, און ריכטיק, ווייל אַלע אויפקלערונגען און קאָמענטאַרן וואָלטן חאָ געווען איבעריק. אַלץ איז דאָ זייער בולט. דער קאַריקאַטוריסט ווילס האָט אונדז פאָרגעשטעלט אַ קליינעם אַנגלאָזאַקס, אַ מינוט פאַרן אַרויסזעצן אין דער לופט דעם סימבאָל פון אונדזער פּלאַנעט. צי דער דאָזיקער אַפּאַראַט ווירקט, אָדער נישט; צי דאָס יינגל האָט אָנגעפילט דעם גלאָבוס מיט עפּעס, קאָן זיין, אַן אומשולדיקער אויפרייס-מאַטעריע, צי נישט, אָדער ער מאַכט בלויז נאָך די דינאַמיט-אַטענטאַטן, וואָס ער האָט געזען אויף אילוסטראַציעס — דאָס איז אַן ענין פון קלענערער וואָג. און לאָמיר פעסטשטעלן נאָך איין זאַך: אויף קיין איין מינוט זענען מיר נישט חושד, אַז עס געפינט זיך אַן ענגליש קינד, וואָס וואָלט אין געדאַנק צוגעגעבן דער שפּיל אַ סימבאָלישן באַדייט. מיר שטעלן פאָר די לייענער דעם דאָזיקן לעכערלעכן דינאַמיט-מאָרד נישט מיטן ציל צו פאַרפעסטיקן אין זיי די איבערצייגונג וועגן דער פאַרווילדונג פון די ענגלישע קינדער; דאָס וואָלט געווען אַן אַבסורד און די גרעסטע אומגערעכטיקייט. נישט דער דאָזיקער „פאַרברעכער", וואָס איז קאָמיש אין זיין ערנסט, איז די צענטראַלע פיגור אין דער צייכענונג, נאָר עמעץ גאָר אַן אַנדערער, און נעמלעך: דער שעפער פון אַ פּאָליטישער אַטמאָספער, אין וועלכער אַזאַ איינפאַל (זייער אַ לעכערלעכער, חזר איך איבער)

האָט געקאָנט קומען דעם אַרטיסט אין קאָפּ אַריין און וועלכע האָט געקאָנט באַוועגן דעם רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט אויסצונוצן די צייכענונג. לאָמיר זיך פאַרטראַכטן: צי הינטער אונדזער באַרימטער „אייזערנער קורטינע" אין פוילן, אין אַנדערע לענדער פון פאָלקס־דעמאָקראַטיע, צי אין ראַטנפאַרבאַנד, וואָלט געקאָנט עמעצן איינפאַלן אַן אידעע פאַרצושטעלן אַ פאַרביטערטן יונגאַטש, וואָס גרייט צו אַן אַטענטאַט אויפן ערד־קײַלעך? ווייל קיינער וועט דאָך אונדז נישט איינרעדן, אַז דער זין פון דער קאַריקאַטור איז עפּעס אַן אַנדערער, אַז דאָס איז, למשל, די נקמה פון אַ שול־יינגל אין דער פאַרהאַסטער „שול־הילף", צוליב וועלכער ער האָט אַריינגעכאַפּט איינסן פון געאָגראַפיע.

דער שעפער פון דער מלחמה־מאַנאַמאַניע, וואָס הייבט אָן אַליץ שטאַרקער צו באַהערשן די מוחות פון די אַנגלאָ־זאַקסן, באַזונדערס פון די אַמעריקאַנער, איז דער קאַפּיטאַליזם, וועלכער גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון וועגן זיין נאָענטן טויט אויפן העכסטן, אימפּעריאַליסטישן אַנטוויקלונגס־עטאַפּ. דערויף, וואָס ער פאַרטיידיקט זיך, איז נישטאָ, וואָס זיך צו וווּנדערן. ווי יעדע באַשעפעניש, אַזוי פאַרטיידיקט זיך אויך יעדע אָרדענונג פאַרן טויט. אָבער זיין פאַרברעכערישע שולד באַשטייט אין זיין איינרעדן די וועלט, אַז דער טויט דראָט אים פון דרויסן, בעת אינדערהאמתן, גייט דער קאַפּיטאַליזם אוים מחמת זיינע אייגענע, אָרגאַנישע סיבות. ס'איז אַ סך באַקוועמער צו שרייען: „כאַפּ דעם גנב!" איידער זיך מודה זיין, אַז מ'האָט אַליין געגנבעט. דער קאַפּיטאַליזם אָפּערירט מיט אַרויסרופן היסטעריע און מלחמה־פּאַניק, ווייל ער פאַרמאָגט נישט קיין שום אידעישן לאָזונג, מיט וועלכן ער וואָלט געקאָנט מיטרייסן די מאַסן. דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליזם, וואָס פאַרנעמט זיך זייט צענדליקער יאָרן אין אַ ברייטן מאַסשטאַב מיטן טאָטאַלן אידיאָטיזירן דאָס אָרנטלעכע און אין תוך רואיקע אַמעריקאַנישע פאָלק (מיט דער הילף פון פּרעסע, ראַדיאָ און קינאָ, וואָס ער האָט פולשטענדיק באַהערשט), אויסנוצנדיק די איינגעבוירענע נאַיוקייט פון דעם דאָזיקן פאָלק, זיין גלייכגלויביקייט און נייגונג צו שאַפן זיך לייכטע לעגענדעס; אַ נייגונג וואָס ס'איז נישט צו טרעפן ביי אַנדערע געזעלשאַפטן; לעגענדעס, וואָס פאַרטרעטן צוליב באַקוועמלעכקייט דאָס באַדערפעניש צו טראַכטן, דערקענען דעם אמת, אַריינצודרינגען אין דער טיף פון היסטאָרישע דערשיינונגען און אַנדערע כאַראַקטעריסטישע באַזונדערקייטן, אָן וועלכן ס'איז אין אונדזער יאָר־

הונדערט דעם מענטש שווער צו לעבן. דער קולט פון באקוועמלעכ־לעכקייט, וואס מיר באמערקן אויף יעדן שריט אינעם אויסערלעכן לעבן פון די אמעריקאנער, זאפט זיך אריין אויך אין זייערע מו־חות — און איך שטעלט פעסט, אז אין קיין שום אנדער לאנד איז ניטא פאראן אזוי פיל אויסטראכטענישן, פאראורטיילן, איגנאראנ־טישע באנאליטעטן און קליינקעפלדיקייטן, וואס איבערראשן דעם אייראפעער, ווי אין די פאראייניקטע שטאטן. ביי דער געלעגנהייט מאך איך אויפמערקזאם אויף דעם גלענצנדן בוך פון בערגען עוואנס, וואס איז פול מיט זייער אינטערעסאנטע פעסטשטעלונגען און רעוועלאציעס וועגן די דאזיקע אינטעלעקט־אייגנשאפטן פון א דורכ־שניטלעכן אמעריקאנער. מע וואלט אים געדארפט וואס שנעלער איבערזעצן און ארויסגעבן.

דעם דאזיקן צושטאנד נוצט אויס דער קאפיטאליזם, וואס איז באדראט אין די סאמע יסודות, אויף צו פארשפרייטן א מלחמה־פסיכאז. „נישט מיר גייען אונטער — שרייען די פרעזעסן פון די מאנאפאליסטישע קאמפאניעס און בענק — דאס וויל מען אונדז אומברענגען!״. ווער? די באלשעוויקעס! די רעשט אזיע, ווו עס הייבט זיך אויף העכער דאס פייער פון דער רעוואלוציע? די באל־שעוויקעס! אפריקע, וואס דערוואכט? די באלשעוויקעס! דער אלץ שטארקערער ווידערשטאנד פונעם ארבעטער־קלאס אין אייראפע? די אלץ בעסערע פונקציאנירונג פונעםווירטשאפטלעכן אפאראט פון די פאלקס־דעמאקראטיעס? דאס זענען אויך באלשעוויסטישע פאנג־נעצן. בא, די געשיכטע גופא האט אויפגעהערט צו האנדלען און זיך אנטוויקלען לויט די דורך דער וויסנשאפט פינקטלעך אויס־געפארשטע געזעצן — און איז פשוט געווארן „אן אגענטין פונעם קרעמל״...

די פארברעכערישע העצער צו א נייער וועלט־שחיטה העלפט צו, האב איך דעם איינדרוק, א געוויסער פאל, וועגן וועלכן מען ווייסט ביי אונדז זייער ווייניק. די אמעריקאנער האבן זיך ביז איצט נישט באקענט מיט די גרוילן פון דער מלחמה אויפן אייגענעם באדן — דאקעגן ווייסן זיי, וואס עס איז אזוינס קריזיס, קראך, דע־פרעסיע. זיי האבן נישט געזען קיין פאלנדיקע באמבעס אויף זייערע שטעט, אבער זיי געדענקען די מיליאנערן, וואס זענען רואינירט געווארן אין משך פון עטלעכע שעה און געשפרונגען פון די פער־ציקסטע און זעקס אונאכציקסטע שטאקן אויפן ברוק; זיי געדענקען די משפחות, וועלכע האבן אין די זעלביקע עטלעכע שעה פון דער

בערזע־פּאַניק פאַרלירן די אָפּשפּאָרונגען, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן אין משך פון צענדליקער יאָרן; נאָך היינט דערמאָנען זיי דאָס שוואַרצע יאָר 1929 און די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען אין אַ געוויסן טאָג איז מען פאַרפאָרן מיט אַ פּאַקאַרד צום עקסקלוזיוון „night club" און אין אַ וואָך אַרום האָט מען פאַרקויפט עפּל אויף אַ שכנותדיקן ראָג. אַ געזעלשאַפט, וואָס איז דערצויגן אין מיסטישער באַוואונדערונג פאַר דעם אַלמעכטיקן דאָלאַר, אַ געזעל־שאַפט, וואָס די צום קאַפּיטאַליזם פאַרקויפטע פרעסע האָט באַוויזן איינצורעדן, אַז געלט, מאַיאָנטעק, אייגנטום איז דער ענדגילטיקער און וויכטיקסטער ציל אין לעבן — אַזאַ געזעלשאַפט האָט מער מורא פאַר אַ קראַך, ווי פאַר אַ מלחמה. דער מלחמה, חזרן מיר איבער, וועלכע זי קען נישט.

מע שאַנטאַזשירט די באַפעלקערונג מיט דער מופתדיקער מאַכט פון די אַלץ נייע אַטאָם־ און וואַסער־שטאָף־באָמבעס. און איידער מע וועט זיך אַרומקוקן וועט פּלאַצן אַ ידיעה וועגן עפּעס אַ סופּער־נייעסטער Up to date, ווייל די אַמעריקאַנער עסט זיך שנעל צו יעדע סענסאַציע — די מלחמה־העצער שפּילן געניט אויף דער זעלבער באַקוועמלעכקייט וועגן וועלכער ס'איז אויבן גערעדט געוואָרן. די פאַרהערלעכער פון קאָמפאָרט האָט מען דאָרט דערצויגן אויף די אַזוינערופענע גאַדגעטס און... אויף אַ דריק טאָן אויף אַ קנעפּל. גאַדגעטס איז אַ קליינע, ביליקע, נישט קאָמפּליציר־טע דערפינדונג, אַן אַפּאַראַטל, אַ ווערקצייגל, אַן עפענער, אַ פאַררו־קער, אַ שנייד־מעסער, אַ האַק־מעסער א.א.וו. וואָס פאַרלייכטערט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן. די אַטאָם־באָמבע צי אַן אַנדערע איז וואָס אַן אמת אַ קאָמפּליצירטע און זייער טייערע דערפינדונג, אָבער אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם אַמעריקאַנער געהערט זי צו זייער מין גאַדגעטס — דאָס איז, טראַכטן זיי, עפּעס אַזוינס, וואָס וועט איינס, צוויי, דריי דעם ענין דערליידיקן. נאָך ערגער און פּסיכאָלאָגיש געפערלעכער שטעלט זיך פאַר דער ענין פון די „קנעפּלעך": דאָ (אין אַמעריקע) וועט מען עס אַ קוועטש טאָן, און דאָרטן (אין רוסלאַנד, אין כינע און אַפילו אויף דער לבנה) וועט פאַרקומען אַן עקספּלאָזיע, נו, און פאַרשטייט זיך דער נצחון. פונקט ווי מ'האָט די פראַנצויזן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַרפירט מיט מאַזשינאָ־ליניע („אימאַזשינאַ" ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן), וואָס האָט געזאָלט פאַרזיכערן זייער שוץ, אַזוי פאַרזיכערט מען די אַמעריקאַנער מיט זייער יענער זייט אָקעאַנישער אומדערגרייכבאַרקייט. אַנשטאָט צו

אַליאַרמירן די לייענער וועגן די שווידערלעכע געשעענישן, וואָס אַמעריקע וועט ברענגען אויף זיך, אויב זי וועט אַרויסרופן אַ מלחמה, דונערט און טומלט די אַמעריקאַנער פּרעסע טאָג־טעגלעך, אַז זי איז נויטווענדיק, אַז ס׳איז אוממעגלעך צו דערליידיקן די קאָנפליקטן אויף אַן אַנדערן אופן, אַז עס זענען אַלמעכטיק אירע, מאָנסטרעזע נאַדגעטן און קנעפּלעך. מ׳האָט דאָרט פאַרגעסן, אַז מע קאָן שוין היינט נישט צעשמעטערן די ערד בלויז אויף אַ באַשטימטן סטראַטעגישן שטח! אין פאַל פון אַ מלחמה מוז זי פּלאַצן אין גאַנצן, אין דער לענג און אין דער ברייט פון אַלע ליניעס, אויפן גאַנצן גלאָבוס — נישט בלויז אויפן גלאָבוס פון אונדזער בייזן ווייסנחברהניק; אַז די אַמעריקאַנער הייזער וועלן איינפאַלן פון ביידע זייטן גאַס אויף די טראָטואַרן און דעם ברוק, אַז אין דער לופטן וועלן פליען שטיקלעך פון צעריסענע, אומשולדיקע קינדער און פרויען; אַז, ווי אַנדערע פעלקער, אַזוי וועט זיך אויך דאָס אַמעריקאַנישע שטיקן פונעם עיפּוש פון די פוילנדיקע מתים, אַז די אַמעריקאַנער מוטערס וועלן פּונקט אַזוי ווי די פּוילישע, כינעזישע, צי באַשקירישע באַוויינען זייערע זין...

אין פלוג וואָלט די וואָרענונג קעגן מלחמה און די אומאויפהערלעכע אַגיטאַציע פאַר שלום געדאַרפט הילכן פון די שפּאַלטן פון די אַמעריקאַנער צייטונגען און אויף די כוואַליעס פון די ראַדיאָסטאַציעס, אָדער טאָן דאָס, וואָס מיר, „די באָלשעוויקעס", טוען מיט אַזאַ ברען. עס געשעט אָבער דאָס פּונקט פאַרקערטע: מלחמה, מלחמה און מלחמה... מלחמה מיט וועמען, דזשענטעלמענער? מיט דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס און די ענדערונגען פון די ווירטשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע פאָרמען? מיטן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויפגעוועקטן סאָציאַלן באַוווסטזיין פון הונדערטער מיליאָנען מענטשן פון שווערער מי, אויסגענוצטע, געפּייניקטע דורך עטלעכע טויזנט אַמאַטאָרן פון לייכטן פאַרדינסט און אומבאַגרענעצטער גייציקייט? מיט דער אויפגעוועקטער מענטשלעכער ווירדע פון די מיליאָנען, וואָס זענען ערשט נישט לאַנג צוריק געווען אייערע שקלאַפן — די א. ג. קאָלאָניאַלע פעלקער? ניין, דזשענטעלמענער, דעם היסטאָרישן פּראָצעס און דעם באַוווסטזיין וועט נישט פאַרניכטן קיין שום באָמבע, ווען איר וואָלט אַפילו סיסטעמאַטיש אָנגעווענדט די צעשלאָגענע אַטאָמען פון אַלע כעמישע עלעמענטן. ס׳זענען געשען אין דער געשיכטע זאַכן, וועלכע מע קאָן נישט ענדערן, ווייל קעגן די אורטיילן פון דער געשיכטע קאָנען קיין

אַפּעלאַציעס נישט געמאַכט ווערן, און זיי אָנערקענען נישט קיין באַמבע־קאַסאַציע. דער אימפּעריאַליסטישער קאַפּיטאַליזם וועט שטאַרבן מיט זיין אייגענעם טויט, ווייל עס פאַרצערט אים אן אומ־אויסהיילבאַרע קראַנקהייט. אָבער דאָס הייסט נאָכנישט, אַז צוזאַ־מען מיט אים זאָל דאַרפן אומקומען כאָטש איין העלפט פון דער מענטשהייט — און דאָס אַלץ, וואָס איז אויף דער וועלט גוט, קלוג, שיין און איידל — אַזוי ביי אונדז, ווי ביי אייך.

דעם יינגל פון דער קאַריקאַטור דאַרף מען אויפקלערן, אַז ער שפּילט זיך שלעכט און געבן אים איבער די ידים. ערנסטער באַ־שטראָפן דאַרף מען גאָר עמעצן אַנדערש — דעם פאַרברעכער, וואָס זיינע פאַרסמטע ווערטער האָבן געמוזט פאַרסמען דאָס דאָזיקע אומשולדיקע נאַרישע נשמהלע. „שטראָף די הענט, נישט די בלינדע שווערד".

לאָמיר קעמפן פאַרן שלום יעדן טאָג, יעדע שעה, אויף יעדן טראָט. לאָמיר קעמפן פאַרעקשנט, פאַרביסן, נישט אָפּטרעטנדיק, ווייל דאָס איז דער שענסטער און העלדישסטער קאַמף, צו וועלכן דער מענטש קאָן דערגרייכן. קעמפנדיק פאַר שלום, קעמפן מיר פאַר אַלץ, וואָס איז דער זין און ציל פון אונדזער לעבן. לאָמיר קעמפן אַלע, אומאָפּהענגיק פון אָנשויונגען, אמט, גלויבן, בילדונגס־צענז צי פּעיקייטן, אָדער אַנדערע אונטערשיידן, וואָס טיילן פאַנאַנ־דער מענטשן. נאָר בעסטיעס שטרעבן צו מלחמה, און פאַר בעסטיעס איז נישטאָ קיין פּלאַץ צווישן אונדז, די אָרנטלעכע זין פון דעם פאַטערלאַנד און אַלע אַנדערע פאָטערלענדער, פון וועלכע עס שטעלט זיך צונויף די מענטשהייט. ווער עס רוקט זיך אַוועק פון דאָזיקן קאַמף, ווער ס'נעמט נישט אין אים קיין אַקטיוון אָנטייל, זאָל זיך נישט איינרעדן, אַז ער איז „נייטראַל". נאָר זאָל ער וויסן, אַז ער באַטייליקט זיך מיט זיין אָפּוועזנהייט אין די מעשים פון די פאַרבאָרגענע מערדער פון זיין קינד, מוטער, פרוי.

ב. מאַרק

## די טרעגער פון די סטאַלין־פּרעמיעס פאַר שלום

מיט גרויסן אינטערעס און דאַנקבאַרקייט פאַר דעם ראַטנפאַר־באַנד פאָלגט נאָך די גאַנצע פּראָגרעסיווע וועלט די יאָר־יערלעכע סטאַלין־פּרעמיעס פאַר שלום. בעת די נאָבעל־פּרעמיעס ווערן אַלץ בולטער און אָפטער אַ געצייג אין די הענט פון די אינטריגאַנטישע און וועלט־אונטערצינדערישע עלעמענטן, דערשיינען די סטאַלין־פּרעמיעס פאַר שלום ווי אַ מאַניפעסטאַציע און סטימול פאַר די אַנפירנדיקע קעמפער קעגן מלחמה, פאַרן גאַנצן לאַגער פון שלום און דעמאָקראַטיע.

די זשורי פון דער פונדאַציע פונעם שוועדישן, פאַקטיש קאַפּיטאַ־פּאַליטישן וואָפן־פאַבריקאַנט נאָבעל האָט, למשל, לעצטנס צוגעטיילט איר פּרעמיע אַזאַ אָפן־פאַשיסטישן און אַנטיסעמיטישן שרייבער ווי עליאָט, אַ שרייבער, וואָס אפילו אַ ריי קריטיקער פונעם בירגער־לעכן לאַגער באַצייכענען זיינע שאַפונגען ווי אַ געמיש פון דעקאַ־דענטיש משוגעת מיט היטלעריסטיש־ראַסיסטישער „אידעאָלאָגיע“. דאָס צוטיילן די נאָבעל־פּרעמיע עליאָטן איז אַ שפּיי אין פּנים די קרבנות פון היטלעריסטישן טעראָר, די מיליאָנען, וואָס האָבן גע־שטרעקט זייערע לעבנס אין קאַמף קעגן „דריטן רייך“, די ערלעכע געפאַלן פון דער שלום־לעכצנדיקער מענטשהייט. דער צווייטער נאָבעל־לאורעאַט זשואָ, דער פירער פון די רעפאָרמיסטישע, קאַפּי־טאַליסטישע, אַטלאַנטיש־גלייכשאַלטירטע פּראָפבאָנצן, געפינט זיך אין איין לאַגער מיט קורט שומאַכער און קאָנראַד אַדענאוער, מיט זשיל מאָק און דייוזוי דובינסקי, מיט די אַלע, וועלכע אָרגאַניזירן אַ קרייץ־צוג קעגן ראַטנפאַרבאַנד און די פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער.

די נאָבעל־פונדאַציע איז קיינמאָל נישט געווען קיין אויסדרוק פון גערעכטיקן פאַרטייל פון פּרעמיעס, איז קיינמאָל נישט געשטאַ־

גען אויף דער זייט פון שלום, און אצינד איז זי געוואָרן אַ טרייער שאָטן פון די סאַמע פינצטערסטע כוחות אויף דער וועלט.

שוין לאַנג האָט מען אויפגעהערט נאָכפאָלגן מיט אינטערעס די פּרעמיע־צוטיילונגען פון דער שטאָקהאָלמער זשורי, דער אינ־טערעס צו די נאָבעל־פּרעמיעס גייט נאָר אין דער ריכטונג צו זען, ווי טיף עס קאָן ווייטער זינקען אַן אינסטיטוציע, וועלכע פּוצט זיך אין פעדערן פון קולטור און שימערירט מיט אויסגעדראָשענע מליצות, הינטער וועלכע עס סיקעט דער סם פון לופט־פאַרגיפטער.

די בליקן זענען געווענדט יאָר־איין יאָר־אויס צום זשורי־זאַל אין מאָסקווע, ווו עס זיצן פאַרשטייער פון פאַרשידענע פעלקער און לענדער, פאַרשטייער פונעם וועלט־קאָמיטעט פאַר שלום, און באַשטימען די וועלט־פּרעמיעס, וואָס טראָגן דעם נאָמען פון דעם פאָן־טרעגער פון דער שלום־באַוועגונג.

לאָמיר נעמען בלויז דעם פאָלגנדיקן פאַרגלייך, בעסער געזאָגט: דעם טיפן להבדיל. דער נאָבעל־פּרייז־טרעגער עליאָט, און — די סטאַלין־פּרייז־טרעגערין יאַקובאָווסקאַ, די פּוילישע פילם־רעזשיסע־רין, די שעפערין פון דעם אומפאַרגעסלעכן און טיף־אויפטרייסלענ־דיקן בילד, „דער לעצטער עטאַפּ". עליאָט — אַ מענטשן־פיינט, אַן „אידעאָלאָג" פון פעלקער־מאָרד, אַ באַרג־אַראָפּניק, אַ פינצטערער פאַלשער משיח; יאַקובאָווסקאַס ווערק — דער שניידנדיקער רעאַ־ליזם וועגן פאַשיסטישער אָקופּאַציע און דער ליכטיקער גלויבן אין פעלקער־סאָלידאַריטעט, דער אַפּאָטעאָז פון האַרטנעקיקן ווידער־שטאַנד, וואָס זיינע טרעגער אין אָשוויענטשימער טויט־לאַגער זענען דאָס יידישע מיידל מאַליע צימעטבוים (מאַרטע) און דער יונגער פּאָליאַק, און הינטער זיי: אַ פּלעיאַדע אמתע מענטשן, וועלכע האָבן אינעם סאַמע תהום פון אומקום און דערנידערונג רעהאַביליטירט דעם מין מענטש.

צוויי פּרעמיעס: איינע אַ באַלוינונג פאַר באַזינגען דעם טויט, אַ צווייטע — אַ פאַראורטיילונג פון טויט און אַ הימן פאַרן מענטש, פאַר זיין באַפרייונג, פאַר זיין ליכטיקן מאָרגן.

צווישן די, וואָס האָבן היי־יאָר באַקומען די סטאַלין־פּרעמיע פאַר שלום, געפינען זיך דריי שרייבער: דער כינעזישער דראַמאַטורג און וויסנשאַפטלער קואָ־מאָ־זשאָ, די דייטשע אַנטיפאַשיסטישע ראָמאַניסטין אַננאַ זעגערס, דער בראַזיליאַנישער נאָוועליסט זשאָרזשע אַמאַדאָ.

עס זײַנען פֿאַראַן צווישן די הײַ־יאָריקע סטאַלין־לאורעאַטן נאָך דרײַ: דער איטאַליענישער שלום־קעמפֿער פּיעטראָ נעני, דער יאַפּאַנישער שלום־קעמפֿער איאַמאַ און די ענגלישע שלום־קעמפֿערין פֿולטאָן. מיר וועלן זיך דערלויבן אָפּצושטעלן אויף די דרײַ לאַורעאַטן — שרײַבער, מיט וועלכע עס איז אונדז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען דירעקט בעת אַ רײ וועלט־צונויפֿקומען פֿון דער שלום־באַוועגונג.

לאָמיר זיך מודה זײַן: די כינעזישע וועלט איז ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען אַפֿילו אונדז, פּראָגרעסיווע קולטור־מענטשן, כמעט אומבאַקאַנט. חוץ גאַנץ קנאַפּע ידיעות וועגן דער אַלטער כינעזישער פּאָעזיע און חוץ לויפֿנדיקע אינפֿאָרמאַציעס וועגן דעם גרויסן באַפֿרייונגס־קאַמף פֿון כינעזישן פֿאָלק אונטער דער אָנפֿירונג פֿון זײַן קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָבן מיר ווייניק געוווּסט וועגן דעם דאָזיקן אַלטן און גרויסן פֿאָלק און זײַן עטלעכע־טויזנט־יאָריקער קולטור. ווען איך האָב אין אַ שמועס מיט כינעזישע שרײַבער, דעלעגאַטן צום שלום־קאָנגרעס אין פּאַריז אין 1949, געזאָגט, אַז פֿון דער כינעזישער ליטעראַטור ווייס איך בלויז וועגן קאָן־פֿו־טסע און לי־טאַי־פּע און מער נישט, האָבן זיי מיך פֿאַרשעמט, נעמענדיק אויסרעכענען אַ לאַנגע רשימה מיט נעמען פֿון מחברים און ווערק, וועלכע פֿאַרדינען אומבאַדינגט, זיי זאָלן אַרײַנגיין אינעם פּאַנטעאָן פֿון די וועלט־מייסטער און מייסטערווערק. איך האָב זיך געפֿילט לגבי זיי שולדיק, פּונקט ווי עס האָט זיך געפֿילט שולדיק לגבי מיר אַ געוויסער נישט־יידישער שרײַבער, ווען איך האָב אים דערציילט, ווי רײַך עס איז די יידישע ליטעראַטור, בעת אים זענען געווען באַקאַנט נאָר צוויי נעמען: שלום־עליכם און פּרץ.

צווישן די פּאָר אונדז אומבאַקאַנטע גרויסע גײַסטער פֿון נײַעם כינע, איז אין פּראָג געווען — אײנײנעם מיט דער ראָמאַניסטן טין־לין און דעם דיכטער עמי־סיאַאָ דער איצטיקער סטאַלין־לאורעאַט קואָ־מאָ־זשאָ.

מיר האָבן געהאַט אַ גרויסע איבערלעבונג, ווען קואָ־מאָ־זשאָ האָט באַקומען דאָס וואָרט. עס איז שווער איבערצוגעבן מיט ווערטער דעם געוואַלדיקן ענטוזיאַזם, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די זיבעציק כינעזישע דעלעגאַטן. הגם קיינער פֿון אונדז, נישט־כינעזער, האָט די שפּראַך נישט פֿאַרשטאַנען, האָבן מיר אָבער אַרויסגעפֿילט דעם אינהאַלט פֿון קואָ־מאָ־זשאָ׳ס רעדע. דער שטילער, אין זיך קאָנצענטרירטער אינטעלעקטואַל, ווערט ביים רעדן אַ שטיק פֿײַער,

ער וואַקסט אויס צו אַ ריז, ער שמידט אייך צו און צווינגט אייך אויף אַ וויזיע פון ווייטן און דאָך נאָענטן דינאַמישן כינע. זיינע לאַנדסלייט וועלן אָנגעצונדן שוין ביים קלאַנג פון זיין נאָמען. שפּעטער האָבן זיי אונדז דערציילט, ווער עס איז אָט דער וווּנדער־לעכער רעדנער.

היינט איז ער שוין אַ מאַן קרוב די זעכציקער. קואָ־מאָ־זשאָ איז אַן אַלזייטיק טאַלענטירטער מענטש: אַ דראַמאַטורג, אַ היסטאָ־ריקער, אַ געזעלשאַפטלעכער טוער און אַן אָרגאַניזאַטאָר. פון די פריסטע יאָרן נעמט ער אַ טעטיקן אָנטייל אינעם קאַמף פאַר באַפריי־ען זיין פאָלק פון אימפּעריאַליסטישער פאַרשקלאַפונג און פון טשאַן־קיי־שעקישן פאַראַט. געווירקט לטובת די באַפרייערישע אידעען מיט וואָרט און טאַט. זיך געגראָבן אין דער אַלטער כינעזישער גע־שיכטע, געשריבן דראַמעס, אָרגאַניזירט די אינטעליגענטן פון זיין לאַנד צום קאַמף. לאַנגע יאָרן געמוזט פאַרברענגען אויף עמיגראַציע אין יאַפּאַן, ווו ער האָט אויך געמוזט אויסשטיין רדיפות מצד דעם רעזשים פון מיקאַדאָ. ער האָט מיטגעמאַכט דעם באַפרייונגס־קאַמף אונטער דער אָנפירונג פון מאַאָ־טסע־טונג, היינט איז ער דער פירער פון דער כינעזישער שלום־באַוועגונג, דער פאָרזיצער פון דעם פאַר־באַנד פון די כינעזישע שרייבער, קינסטלער און געלערנטע, דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער וויסנשאַפט פון דעם נייעם כינע, אַן אָנפירנ־דיקער מיטגליד אין דער רעגירונג.

קואָ־מאָ־זשאָ טראָגט אין זיך די דורותדיקע קולטור פון זיין אַלטן פאָלק און דעם היסטאָרישן אויסבליק אין דער טיפער צוקונפט.

* * *

אַננע זעגערס איז איינע פון די גרעסטע היינטצייטיקע שרייבער אין דער וועלט. זי האָט פון דער גרויסער דייטשישער הומאַניסטי־שער פּראָזע פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות געירשנט דעם טיפן אינטערעס פאַרן מענטש און פאַר זיינע סאָציאַלע באַציונגען, דעם ברייטן אָטעם אין דער שילדערונג, דעם לירישן טאָן, אָפּוואַרפנדיק דעם נאַטוראַליזם און אימפּרעסיאָניזם — אָט די ערנסטע שטרויכ־לונגען, וואָס האָבן פאַרפירט די דאָזיקע פּראָזע אויף אומוועגן. געפינענדיק זיך אונטערן בפירושן איינפלוס פון דעם סאָוועטישן רעאַליזם, האָט אַננע זעגערס געפונען דעם וועג צו זיך. באַרימט איז זי געוואָרן מיט אירע שטאַרקע אַנטיפאַשיסטישע שאַפונגען פון

דער צייט, ווען אין דייטשלאַנד האָט געבושעוועט דער ברוינער פאַשיזם, פאַר וועלכן זי האָט געמוזט אַנטלויפן און וואַגלען אין משך פון יאָרן אויף עמיגראַציע.

צו אירע שטאַרקסטע ראָמאַנען, וועלכע האָבן נישט בלויז אויסגעשטעלט אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן היטלעריזם, נאָר אויך געוויזן דעם איבערמענטשלעכן ווידערשטאַנד פון די אַנטיפאַשיסטישע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן אין דער דייטשישער אונטערערד, געהערט בלי ספק „דער זיבעטער קרייץ", וועלכער האָט דער אויטאָרין געמאַכט אַ וועלט־נאָמען און איז באַזונדערס וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער ליטעראַטור־קריטיק. דאָס איז אַ ראָמאַן, אין וועלכן דער לייענער קאָן נישט דורכלאָזן קיין איין פּרט, קיין איין זאַץ. דאָס איז די געשיכטע פון זיבן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון אַ קאָנצלאַגער אין די ערשטע יאָרן פון היטלערס פינצטערער ממשלה. די פאַשיסטישע מלוכה־מאַשין זעט אויס צו זיין אַלמעכטיק. זי פאַרוואַנדלט די בירגער אין פּחדנים און מוסרים דורך טעראָר, שאַנטאַזש און קאָרופּציע; אָבער צו דער אַלמעכטיקייט איז דאָ אַ גרענעץ. זעקס אַנטלאָפענע ווערן געכאַפּט, אָבער דער זיבעטער רייסט זיך אַרויס, עס ראַטעוועט אים די מענטשלעכע סאָלידאַריטעט פון ווייניקע, אָבער די ווייניקע, וואָס זענען פאַרבליבן נאָכן פּאָגראָם פון דער באַוועגונג, זענען פאַרט פאַראַן און צו זיי געהערט די צוקונפט. אַדאַנק דעם גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן, אַדאַנק דעם פעסטן אידעאָלאָגישן באָדן, אַדאַנק דער אַנטפּלעקונג פונעם קלאַסן־פּרצוף פון פאַשיזם, אַדאַנק דער מייסטערישער דערציילערישער קאָנצענטראַציע — געלינגט אַנאַ זעגערס מיטצורייסן דעם לייענער.

אַנאַ זעגערס איז געווען פון די ערשטע דעמאָקראַטישע שרייבער, וועלכע האָבן באַשלאָסן זיך אַריינצוּוואַרפן אין שווערן קאַמף פאַר איבעראַנדערשן די מענטשן פון מזרח־דייטשלאַנד, פון דער דייטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק אונטער דער אָנפירונג פון ווילהעלם פּיק. האַרב און אומברחמנותדיק שטראָפן די היטלעריסטישע גרויסע און קליינע פעלקער־מערדער און איבערדערציען די יוגנט, פאַרוואַנדלען זי אין אַ מחנה, וואָס וועט קעמפן פאַר שלום און דעמאָקראַטיע — אָט די שווערע אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען אַנאַ זעגערס אינאיינעם מיט באָדאָ אוזע, מיט עריק ווײנערט, מיט יאָהאַנעס בעכער, מיט אַלפרעד קאַנטאָראָוויטש. צו איר וואַרעמען קינסטלערישן וואָרט הערן זיך צו מיליאָנען, דערציִיִגענע אויף פּיקס

אידעאָלאָגיע און אויך מחוץ די גרענעצן פון דער דייטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. דאָס צוטיילן איר די סטאַלין־פּרעמיע וועט איר דינען — ווי די שרייבערין האָט עס דערקלערט אין איר דאַנק־באַגריסונג — ווי אַ סטימול צו ווייטערדיקע שעפערישע אויפטוען אין דער ליטעראַטור און צום פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַרן שלום דורך איר און דורך אירע מיטקעמפער און חברים.

אַ גרויסע באַדייטונג האָט דאָס צוטיילן איינע פון די סטאַלין־פּרעמיעס פאַר שלום דעם באַקאַנטן דרום־אַמעריקאַנישן פרייהייט־קעמפער און רעוואָלוציאָנערן שרייבער זשאָרזשע אַמאַדאָ. נאָכן צוטיילן פאַראַיאָרן די פּרעמיע דעם גרויסן דרום־אַמעריקאַנישן דיכטער פּאַבלאָ נערודאַ, איז דער איצטיקער אַקט אַ בולטער באַווייז, אַז די סטאַלין־פּרעמיעס פאַר שלום ווייסן נישט פון קיין אונטערשיד צווישן גרעסערע און קלענערע פעלקער, אַז עס איז זיי טייער דער שלום־קאַמף פון אַלע פעלקער אויף דער וועלט.

זשאָרזשע אַמאַדאָ איז נישט קיין פּנים חדשות אויף אונדזערע וועלט־צונויפקומען, אויף אונדזערע קאַמף־מאַניפעסטאַציעס. אַ פאַרטריבענער פון זיין לאַנד דורכן דאָרטיקן רעאַקציאָנערן רעזשים, וועלכער איז פאַקטיש אַן אַגענטור פון יענקישן אימפּעריאַליזם, וואָגלט ער איבער דער וועלט, אָבער שטעלט נישט אָפּ זיין האַסטיקע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אַמאַדאָס נאָוועלן זענען שטיקער לעבן, אויסגעריסן פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט פון זיין היימלאַנד בראַזיליע. אַמאַדאָ האָט אַדורכגעשפּאַנט זיין לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט, געלעבט אינאיינעם מיט די אַרבעטער אויף די פּלאַנטאַציעס, זיך צוגעזען צום אומקום פון די לעצטע אינדיאַנישע שבטים, אויסגעטראָגן אויף די אייגענע פּלייצעס דעם שווערן יאָך פון די אומברחמנותדיקע באַלעבאַטים, זיך צוגעהערט צום טרוים פון די עקספּלואַטירטע וועגן אַ בעסערן מאָרגן. אַמאַדאָס נאָוועלן האָבן פאַר דער וועלט אַנטפּלעקט אַן אַנדער בראַזיליע ווי די, וועלכע איז באַקאַנט אין דער סקאַרבאָווער ליטעראַטור מיט אירע עקזאָטישע באַשרייבונגען. אַמאַדאָ איז אַן אַקטיווער קעמפער פון דער באַוועגונג פאַר באַפרייען דרום־אַמעריקע פון פרעמדן אימפּעריאַליסטישן יאָך. זיין קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן קאַמף פאַרן שלום אויף גאַר דער וועלט.

זשאָרזשע אַמאַדאָ איז אַן אויפריכטיקער פריינד פון נייעם פּוילן, פון די פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער, וועלכע ער באַשרייבט

אין שיינע בילדער און שיקט זיי איבער ווי א גרוס פון א נייער וועלט צו זיינע פארשקלאפטע ברידער מעבר־לים. זשארזשע אמאדא איז א ווארעמער פריינד פון יידישן פאלק. ער האט זיינע געפילן געבראכט צום אויסדרוק אויף דער טרעפונג מיט יידישע טוער אין וראצלאוו בעתן אינטעלעקטואליסטן־קאנגרעס. ער האט וועגן דעם דערמאנט שטענדיק, בעת אונדז איז אויסגעקומען ביי פארשידענע געלעגנהייטן צו דריקן אים חבריש די האנט.

אט דאס זענען די היי־יאריקע לאורעאטן פון די סטאלין־פרעמיעס פאר שלום. דאס זענען שרייבער־רעאליסטן, שרייבער־קעמפער, וועלכע שעפן באגייסטערונג און זייער טעמאטיק פון לעבן, פון די נויטן און פון די טרוימען פון זייערע פעלקער, שרייבער פון פען און ביקס. דאס איז דער יאפאנישער איאמא, וועלכער שטייט אין שפיץ פון דער שלום־באוועגונג אין זיין לאנד, וואס ווערט דורך די אמעריקאנישע אקופאנטן אומברחמנותדיק אונטערדריקט און פארוואנדלט אין א לאגער פון מיליטאריזם און אגרעסיע. דאס איז די ענגלישע טוערין פולטאן, וועלכע ווידמעט אלע אירע כוחות פאר אויסהיטן איר פאלק צו ווערן אמעריקעס זשאנדארם אין איראפע. דאס איז דער לינקער איינהייטס־פראנטיקער איטאליענישער סאציאליסט פיעטרא נעני, איינער פון די הויפט־פירער פון דער שלום־באוועגונג, איינער פון די באקעמפער פונעם אטלאנטישן פאקט, וואס וויל פארוואנדלען דאס פרייהייט־ און שלום־ליבנדיקע איטאליענישע פאלק אין הארמאטן־פלייש קעגן דעם ראטנפארבאנד און די לענדער פון פאלקס־דעמאקראטיע.

ווי נעבעכדיק און שפלדיק זעען אויס די נאבעל־פרייז־אונטערגעקויפטע דעגענעראטן פון שניט עליאט אין אנגעזיכט פון די פרייע גייסטער, די טרעגער פון דער רומפולער סטאלין־פרעמיע. די פרעמיעס, וואס זענען היי־יאר דורך דעם סאוויעטישן פראפעסאר סקאבעליצין, דעם פארזיצער פון דער זשורי, צוגעטיילט געווארן קוא־מא־זשא, פיעטרא נעני, אננע זעגערס, פרוי פולטאן, איקוא איאמא און זשארזשע אמאדא, זענען א באלוינונג, נישט בלויז פאר די האזיקע טוער, פאר זייערע פערזענלעכע לייסטונגען, נאר פאר די אלע, וועלכע שטייען הינטער זיי, לייענען זיי, באשענקען זיי מיט אנערקענונג און ליבשאפט — פארן ריזיקן לאגער פון שלום און פראגרעס.

פּאַבלאָ נערודאַ

## דער טאָג, אין וועלכן חלומות ווערן ווירקלעכקייט

ווי באַוווּסט, געפינט זיך מיין לאַנד אַמווייטסטן צווישן די לענדער פון אַמעריקע. זיין אָפּגעזונדערטקייט האָבן גורם געווען די סעכטיקייט פון די אַנדן, דער ים און... דער פּעאָדאַליזם.

און דאָך האָבן נישט לאַנג צוריק צוויי גרויסמאַכטן געווענדעט זייערע אויגן אויף דעם פאַרגעסענעם און באַעוולהטן לאַנד. צוויי גרויסע מלוכות זענען גלייכצייטיק געקומען צום געדאַנק איינצולאַדן צו זיך פאַרשטייער פון טשילישן פאָלק. די רעגירונג פון די פאַר־איייניקטע שטאַטן האָט גערופן צו זיך צוויי הויפּט־אָנפירער פון דער טשילישער אַרמיי. און מיך — הגם איך בין נישט קיין גענעראַל, נאָר פּשוט אַ פּאָעט — האָט דאָך אין דער זעלבער צייט איינגעלאַדן אַ צווייטע גרויסע מלוכה: די דאָזיקע מלוכה איז געווען דער ראַטנ־פאַרבאַנד. און אין דער זעלבער צייט, ווען דער טשילישער גענעראַל האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג, שוין פון דער ווייטנס שפּירנדיק די אַטאָם־באָמבע — בין איך אַוועקגעפלויגן אויף די יאָרטאָג־פייערלעכקייטן לכבוד דעם דיכטער פון אַלע צייטן, דעם באַזינגער פון שלום, אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש פּושקין.

דער גענעראַל איז שוין לאַנג צוריקגעקומען אין מיין היימלאַנד. איך האָב נישט געקאָנט צוריקקומען, צווישן אַנדערן אויך דערפאַר, וואָס כ׳בין נישט געווען זיכער, צי אין דעם זאַפּאַס פון די קוילן, וואָס זענען איינגעקויפט געוואָרן דורכן גענעראַל בעת זיין רייזע — געפינען זיך נישט עטלעכע באַשטימטע פאַר מיר.

— ס׳איז אַ פאַקט, אַז פון דעם מאָמענט פון זיין צוריקקומען — שרייבט דער גענעראַל אַרטיקלען פונעם געביט פון געאָפּאָליטיק, רופנדיק איבערהצוגעשטאַלטיקן מיין ווייט לאַנד אין אַן אַרסענאַל פון צווישן־פעלקערלעכע מלחמות.

ווען איך וואָלט געקאָנט צוריקקומען אין מיין לאַנד, וואָלט איך מיטגעבראַכט אַנדערע פאַקטן, אַנדערע אמתן, אַנדערע דערפאַרונגען. איך וואָלט מיטגעבראַכט די אמתן, וואָס זענען געפּרייַדיקט געוואָרן דורך פּושקינען, די פּאָן און דאָס געזאַנג פון פּושקינען.

איך האָב געזען די פּושקין־מוזעען, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן פון די רואינען, און דאָס פּנים פון דעם דיכטער, ענלעך צום פּנים פון אַ פאַרוווּנדערטן מלאך, וואָס מע זעט אין די פּאַלאַצן פון די צאַרן און אויף באַן־הויפן, אויף פליגל פון עראָפּלאַנען אין די ווייסע לענינגראַדער נעכט, און אין דער ריזיקער טראַקטאָרן־פאַבריק, וואָס איז אויפסניי אויפגעבויט געוואָרן אין דער טויזנט־פאַך העלדישער שטאָט — אין סטאַלינגראַד.

די דאָזיקע צוויי איינלאַדונגען — זענען אַ שליסל צו פאַרשטיין דאָס אַלץ, וואָס געשעט אין איצטיקן מאָמענט.

פון איין זייט זעען מיר, אַז ווען עס הייבט זיך אויף אויף אַ רגע די דאָלאַרן־קורטינע — איז אויסשליסלעך צוליב דעם, בכדי קלאָר צו מאַכן כאָטש פון דער וווייטנס די אַמעריקאַנישע גענעראַלן די מעגלעכקייטן פון מאַסן־פאַרניכטונג, מיט וועלכער עס באַרימט זיך מיט אַזאַ געוואַלדיקער גאווה אַ גרויס לאַנד.

פון דער צווייטער זייט ווידער, אויב מיר וועלן נאָר באַווייזן אַדורכצודרינגען די אייזערנע קורטינע פון ליגנס, מיט וועלכע מע באַמיט זיך אַרומצורינגלען די נייע וועלט — דעקט זיך אָפּ פאַר אונדזערע אויגן דער פּרעכטיקער נצחון פון דעם זשעני איבער דער צייט און דער קולט פאַר דעם קולטורעלן צושטייער פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז געוואָרן דער אַנטייל פון גאַנצן פאָלק.

איך וואָלט געוואָלט איבערגעבן צו אייער באַוווּסטזיין אַ געוויסן, וויכטיקן, פערזענלעכן באַשלוס, וועגן וועלכן איך דערמאָן אויפן קאָנגרעס דערפאַר, ווייל ער דוכט זיך מיר אויס צו זיין פאַרבונדן מיט זיינע פּראָבלעמען.

אין אַ קורצער צייט נאָכן באַזוכן פּוילן און דעם ראַטנפאַרבאַנד בין איך געווען אין בודאַפּעשט, ווו איך האָב געדאַרפט אונטערשרייבן אַ קאָנטראַקט אויף אַרויסצוגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פון מיינע פּאָעמעס אין אונגאַרישער איבערזעצונג. אינעם מאָמענט פון לייגן דעם אונטערשריפט — דאָס איז פאָרגעקומען אויף דער פאַרזאַמלונג פון די אַרויסגעבער און איבערזעצער — האָט מען מיך געפרעגט, וועלכע שאַפונגען דאַרף מען לויט מיין מיינונג איינשליסן אין דער זאַמלונג.

איך האָב געזען טויזנטער יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס זענען געקומען טאַקע פֿון אַלע ווינקעלעך פֿון דער וועלט אין אונגאַרן אויף צו נעמען אָנטייל אין וועלט-פֿעסטיוואַל פֿון דער יוגנט. כ׳האָב געזען די רואינען פֿון וואַרשע — און אויף ווייער פּאַן — די פּנימער פֿון די סטודענטן, וועלכע האָבן צווישן אײַן לעקציע און דער צווייי-טער געבויט די נײַע יסודות פֿון שלום. אין סטאַלינגראַד האָב איך געזען מיט די אייגענע אויגן ריזיקע געבײַדעס, וואָס זענען אויפֿ-געשטעלט געוואָרן אין משך פֿון עטלעכע וואָכן אויף חורבות דורך די הענט פֿון 25,000 יונגע פֿרייוויליקע, וואָס זענען געקומען פֿון מאָסקווע. אומעטום האָב איך געהערט ווי דאָס רוישן פֿון בינען, אַרויסגענומענע פֿון אַ ריזיקן בינשטאָק, אומעטום האָב איך געפֿילט אַ גרויסע ריינע, און שעפֿערישע פֿרייד פֿון דער נײַער יוגנט פֿון דער וועלט.

יענעם טאָג, ווען איך האָב נאָך אַזויפֿיל יאָרן ווידער גענומען אין האַנט מײַנע אַלטע לידער, אין בײַזײַן פֿון די איבערזעצער, וואָס האָבן דערוואַרט פֿון מיר אָנווײַזונגען פֿאַרן אָנהייב פֿון דער אַרבעט; ווען איך בין אַדורכגעלאָפֿן מיט די אויגן די זײַטן, אין וועלכע כ׳האָב אַרײַנגעלייגט אַזויפֿיל אָנשטרענגונגען און נישט איינמאָל זיי נאָכאַמאָל בפּרטיותדיק אַנאַליזירט, — האָב איך פּלוצלינג אַנטפּלעקט, אַז זיי דריקן נישט אויס גאָרנישט, אַז זיי האָבן זיך פֿאַרעלטערט און טראָגן אין זיך די ביטערקייט פֿון אַ פֿאַרשוווּנ-דענער עפּאָכע. איינס נאָכן צווייטן האָבן זיך פֿאַר מיר דורכגעטראָגן די זײַטלעך, אָבער קיינס פֿון זיי האָט זיך מיר נישט אויסגעדוכט צו זײַן ווערט אויפֿצולעבן עס צוריק פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. אין קיינעם פֿון די בלעטלעך האָב איך נישט געפֿינען קיין מאַטעריאַל, וואָס איז נייטיק צום אויפֿבוי; קיינס פֿון די לידער האָט נישט געטראָגן מיט זיך קיין געזונט און ברויט, וואָס סע באַגערט די מענטשהייט.

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פֿון די זײַטלעך. איך האָב נישט גע-וואָלט דערלאָזן דערצו, אַז די פֿאַרגאַנגענע ליידן זאָלן פֿאַרסמען די יונגע לעבנס מיט ביטערקייט. כ׳האָב נישט געוואָלט, אַז דאָס בילד פֿון דעם סיסטעם, וועמען מיר פֿאַרדאַנקען די ערגסטע פּייניקונגען, זאָל ווערן דער אָנהייב פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, וואָס שווענקט אונטער פֿון אינעווייניק די געבײַדע פֿון האָפֿענונג — דער פֿאַרצווייפֿלונג, מיט וועלכער אונדזערע געמיינזאַמע שונאים האָבן געזיגלט מײַן יוגנט. נאָך מער, הײַנט, נאָכן צוריקקומען אויף דער פּאַטערלעכער

אַמעריקאַנישער ערד דערקלער איך אייך, אַז אַפּילו דאָ ווינטש איך זיך נישט צו באַנייען אַט די דאָזיקע שאַפונגען.

אין אונדז, די דיכטער פון היינטיקער צייט, ראַנגלען זיך צוויי כּוחות, וואָס פליסן פון לעבן, און איצט איז געקומען אַ מאָמענט, ווען מיר מוזן אויסקלייבן — און נישט נאָר אויסקלייבן, נאָר נעמען די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אונדזער גייסטיק פּנים.

דער אונטערגייענדיקער סיסטעם האָט אַדורכגעדרונגען מיט זיינע פאַרסמעדיקע ריחות די קולטור פון דער וועלט, און פיל פון אונדז האָבן אין גוטן גלויבן מיטגעהאָלפן צו פאַרסמען די שפּייז, וואָס געהערט נישט נאָר צו אונדז, נאָר צו אַלע לעבעדיקע מענטשן און צו די, וועלכע דאַרפן איצט געבוירן ווערן.

גוט, וואָס אין דעם מאָמענט פון זיך פאַרשאַרפנדיקן קאַמף האָבן ענלעכע צו אונדז מענטשן באַנומען און געוויזן דער וועלט אין איר גאַנצן שוידער די נאַכט, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט איבער אונדזער אַמעריקאַנישן פּאַטערלאַנד. מיר אָבער לעבן אין אַן אַנדערער עפּאָכע, אין וועלכער טויזנטער מענטשן וואַרפן פון זיך אַראָפּ דעם פעאָדאַלן יאָך, און וועלכער מיליאָנען מענטשן צערייסן די קייטן פון דער אימפּעריאַליסטישער קנעכטשאַפט.

מיר לעבן אין אַן אויסערגעוויינטלעכן פּעריאָד פון דער מענטש־לעכער געשיכטע, ווען חלומות איבערגעשטאַלטיקן זיך איןווירק־לעכקייט. דער קאַמף פון דער מענטשהייט האָט צעשטרייט די חלומות און דערנענטערט אונדז צו דער ווירקלעכקייט. מיר לעבן אין אַן עפּאָכע, וואָס האָט געזען די אריינמאַרשירנדיקע רויטע אַרמיי אין הארץ פון דער צעשלאָגענער פעסטונג פון די היטלערישע פאַרברעכער — און האָט אַרויסהענגען אין זיין צענטער די רויטע פאָן — דעם סימבאָל פון פאַרווירקלעכן די אייביקע האָפענונגען פון דער מענטשהייט. מיר לעבן אין די שטראַלנדיקע צייטן פון די פעלקס־דעמאָקראַטיעס. מיר גענים פון דעם כּבוד און דער פרייד צו לעבן אין אַן עפּאָכע, אין וועלכע אַ דיכטער שטייט אין שפּיץ פון דעם זיגרייכן קאַמף, וואָס האָט דעציידירן וועגן גורל פון הונדער־טער מיליאָנען מענטשן. דער דיכטער הייסט מאַאָ טסע טונג.

מיר לעבן אין אַן עפּאָכע, אין וועלכער עס זינגט פּאַבלאָ נערודאַ. נישט געקוקט דערויף, וואָס די נייע פאַשיסטן ווילן דערשטיקן זיין געזאַנג — האָט געזאַנג פון דער ערד גופא. מיר לעבן אין די צייטן, ווען די קוילנגרעבער, סטודענטן, פישער און טשילישע פּויערים, באַוואָפנט בלויז מיט שטיינער און שטעקנס — מעקן אָפּ מיטן

אייגענעם בלוט די חתונה, מיט וועלכער עס האָט באַדעקט זייער פאָטערלאַנד דער פאַרעטער. מיר לעבן אין אַן עפּאָכע, ווען הונדערטער מיליאָנען מענטשן האָבן זיך פּאַראייניקט, בכדי אויסצוקעמפן און באַשיצן דעם שלום.

די דאָזיקע פּראָבלעמען מוזן מאָביליזירן אונדזערע שעפער. כ'בין נישט קיין קריטיקער און נישט קיין עסייאיסט. כ'בין פּשוט אַ דיכטער, וואָס די אַרויסזאָגונגען אין אַן אַנדערער שפּראַך, ווי די שפּראַך פון דער פּאָעזיע, פאַרשאַפן אים אַ סך שוועריקייטן. איך מוז אָבער רעדן, ווען אַנדערע שווייגן. איך וועל רעדן, הגם דער פּחד און אומוויסן פאַרמאַכט דאָס מויל פון די יעניקע, וואָס דאָס איז זייער פליכט צו וואָרענען פאַר דער דעסטרוקטיווער ווירקונג פון עם שונא, וועלכער דרינגט אַדורך מיט אַזאַ קראַפט אונדזער קולטורעלע שאַפונג.

דאָס זענען נישט קיין ווערק, וועלכע מיר האָבן רעכט צו פאַרלאַנגען פון די שעפער אויף אונדזער קאָנטינענט. מיר דאַרפן געבן כוח, פרייד, יוגנט, — דאָס איז דאָס, וואָס פעלט זיי טאָקע — אונדזער אַמעריקאַנער ערד, וואָס אירע קולטור־אוצרות ווערן צעגראַמירט פון די רויב־מערדער. מיר דאַרפן זיך דערהייבן איבער אונדזערע ליידן און אויפהייבן זיך פון די רואינען, ווייזן אַנדערע דעם וועג צום אויפבלי פון דער קולטור און שטיין אין זייער שפּיץ — אַזוי, אַז פון טאָג צו טאָג זאָלן וואָס אַמאָל מער מענטשן קאָנען זיין נאָך אונדזער ביישפּיל.

(רעדע, געהאַלטן אויפן קאָנגרעס פון שלום אין מעקסיקע)

זאָפיאַ נאַלקאָווסקאַ

## רעדע

אין נאָמען פֿון דער פּוילישער דעלעגאַציע באַגריס איך האַרציק אַלע דעלעגאַטן פֿון וועלט־קאָנגרעס פֿאַר שלום. דער גורל האָט אַזוי געוואָלט, אַז נישט קאָנענדיק זיין אין פּאַריז, האָבן מיר זיך צונויפֿגעזאַמלט אין דער שיינער און גאַסטפֿריינדלעכער פּראָג.

אַזאַ צעצווייונג פֿון די באַראַטונגען אין פּאַריז און אין פּראָג איז נישט קיין געוויינטלעכער פֿאַל. דער דאָזיקער פֿאַל איז נאָך מער באַוווּנדערונגסווערט, ווייל מיר זענען געווינט צו באַטראַכטן פֿראַנקרייך פֿאַר אַ לאַנד, אין וועלכן אַלע אָנשויונגען האָבן געקאָנט געניסן פֿון פֿרייהייט, פֿראַנקרייך איז פֿאַר אונדז דאָס לאַנד, ווו עס האָבן געפֿונען שוץ מענטשן, וועלכע זענען גערודפֿט געוואָרן פֿאַר זייערע רעוואָלוציאָנערע איבערצייגונגען. דעריבער איז נאָך מער אומדערוואַרטעט דאָס בילד פֿון היינטיקן פֿראַנקרייך, וואָס ברעכט די דאָזיקע שיינע טראַדיציעס. דער פֿאַקט רופֿט אַרויס פּראָטעסט ביי די דעלעגאַטן פֿון וועלט־קאָנגרעס פֿאַר שלום.

די אַטמאָספֿער, אין וועלכער ס'קומען פֿאָר די באַראַטונגען פֿון דעם פּראָגער טייל פֿון קאָנגרעס, גאַראַנטירט, אַז די אַרבעט, וועלכע וועט דאָ אָפּגעטאָן ווערן, וועט זיין אַזוי וויכטיק און נוצלעך פֿאַרן שלום, ווי די אַרבעט אין פּאַריז.

דער פֿאַקט, אַז אין פּראָג געפֿינט זיך איצט די מערהייט פֿון די דעלעגאַטן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט קומען קיין פּאַריז, דערלויבט אונדז פֿעסטצושטעלן, אַז די געמיינזאַמע רעזולטאַטן פֿון ביידע פֿאַרגעקומענע קאָנגרעסן וועלן געבן אַ גענויע בילד פֿון דעם כּוח און דער אַלגעמיינקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן איצטיקן עטאַפּ פֿון דעם אַלוועלטלעכן קאַמף פֿאַר שלום.

די פֿאַרזיכטיקייט, וואָס ס'האָט אַרויסגעוויזן אין אונדזער זאַך פּאַריז, איז אָן שום ספֿק אַן איבערגעטריבענע. אויפֿן ערשטן קאָנ־

גרעס אין װראָצלאַװ זענען געװען דעלעגאַטן, װעלכע האָבן רעפּרעזענטירט פאַרשידענע אָנשױונגען, און דאָך זיך אַרױסגעזאָגט קעגן מלחמה, װאָס דאָס באַװײַזט דעם כּוח פון די אידעען פון שלום. מיר גלײבן, אַז די שטעלונג פון פּאַריז רעפּרעזענטירט נישט די שטרעבונגען און פאַרלאַנגען פון פראַנצױזישן פאָלק, דערפאַר דערלױב איך זיך אין נאָמען פון דער פּױלישער דעלעגאַציע איבערצושיקן פון דער דאָזיקער טריבונע האַרציקע באַגריסונגען צום קאָנגרעס, װאָס פירט זײַן אַרבעט אין פּאַריז. איך דריק אױס מײַן באַזונדערע אָנערקענונג דעם פראַנצױזישן אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט, װעלכער האָט אָפּגעטאָן אַ באַװוּנדערונגסװערטע אַרבעט — אױפצוהאַלטן די אײנהײט פון בײדע קאָנגרעסן — דעם פּאַריזער און פּראָגער.

גלײכצײַטיק באַגריסן מיר מיט גרױס פרײד די צװישן אינדזאָנװעזנדיקע דעלעגאַטן פון דער זיגרײַכער כינעזישער פאָלקס־רעפּובליק.

די געזעצן, װאָס געװעלטיקן מיטן גורל פון די פעלקער, האָבן אױפגעהערט צו זײַן אַ סוד. זײ זענען דער קעגנשטאַנד פון װיסנשאַפטלעכע סטודיעס, מע קאָן זײ פאָרױסזען און באַצײכענען. און זינט דער צײַט קאָנען די סיבות פון דער מלחמה נישט פאַרדעקט װערן מיט קײן שײנע מליצות, װײַל זײ זענען שױן קײן סוד נישט.

פון צװישן די צװײ כּוחות, װעלכע באַקעמפן זיך, רעפּרעזענטירט דער, װעלכער װירקט לטובת דעם שלום אַ באַדײַטנדיקע מערהײט פון דער מענטשהײט. דאָס זענען די אַרבעטס־מענטשן פון אַלע לענדער, װעלכע װײסן גוט זײער אױפגאַבע אױף דער געשיכטלעכער אַרענע — דאָס מיטבאַטײליקן זיך אין דער שאַפונג פון נײַע, בעסערע פאָרמען פון לעבן. און טאַקע דער עיקר אַדאַנק זײערע כּסדרדיקע באַמיונגען און זײער קרבנותגרײטקײט באַהערשט די מענטשהײט אַלץ מער די נאַטור. אױב מיר לעבן הײַנט אַנדערש, װי מיט הונדערט יאָר צוריק. אױב די געדאַנקען פון די געלערנטע און דערפינדער געשטאַלטיקן זיך איבער אין טאַט און זענען אימשטאַנד איבערצואַנדערשן די װירקלעכקײט, אױב עס זענען פאַראַן שטעט און פאַבריקן, אױב פאַרװאָרלאָזטע שטחים פאַרװאַנדלען זיך אין פרוכטבאַרער ערד, עס שװימען שיפן, עס פאָרן באַנען, עס לױפן מאָטאָרן — איז עס דער פאַרדינסט פון די אַרבעטס־מענטשן. נײַע, אַלץ מער קאָמפּליצירטע מאַשינען פאַרלײַכטערן די מענטשלעכע מי, אַלץ מער פולקאָמע מכשירים פאַרגרעסערן דעם װיסן פון דעם מענטש און פאַרשטאַרקן זײַן מאַכט איבער דער נאַטור. דער

גאַנצער פאַרנעם פון די דאָזיקע היינט אָרגאַניזירטע אַרבעטן באַוועקט צו פאַרגרעסערן די זאַפּאַסן פון אַלע סחורות אין אַזאַ צאָל, זיי זאָלן ווערן צוגענגלעך פאַר יעדן. די באַמיונגען פון אַלע ברידערלעכע פעלקער, וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען די דאָזיקע אַרבעט — שטרעבן צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל. ווען וואָס זאָגט עדות די פלענער פון וווקס און עקאָנאָמישן פאַנאַנדערבוי פון פוילן — אויב נישט וועגן ווילן פון שלום? וועגן וואָס זאָגן עדות די שעפערישע אַרבעטן פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק, וואָס מיר זעען דאָ?, וועגן וואָס זאָגן עדות די אויף צענדליקער יאָרן אויסגערעכנטע גרויסע פלענער פון ראַטנפאַרבאַנד איבערצוואַנדערשן די מדבריות אין גרינע, פרוכטבאַרע פעלדער?

דעם צווייטן כוח רעפּרעזענטירט אַ געזעלשאַפטלעכער שיכט, וועלכער איז אין דער צאָל פיל שוואַכער פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, וועלכער וויל נישט פאַרלירן די רעכט צו געניסן פון דער אַרבעט פון אַנדערע און צו זאַמלען זייערע פרוכטן פאַר אייגענעם נוצן. דער דאָזיקער שיכט רעגירט נאָך אין פיל לענדער, דיספּאָנירט מיט אַ סך פּראָפּאַגאַנדע־מיטלען, פאַר אים שאַפן חורבות און רואינען די באַדינגונגען איינצוהאַלטן די ביזאַיצטיקע פּריווילעגיעס.

היינט פאַרלאַנגט דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק שלום, בכדי צו קאָנען רעאַליזירן די גרויסע אויפגאַבן, וועלכע עס האָט אויף אים אַרויפגעלייגט דער אויפבוי־פּעריאָד, די פאָלקס־מאַסן אַרבעטן פאַר שלום און נעמען אָנטייל אין באַשאַפן אַזאַ וועלט, וואָס וועט שוין נישט ווערן קיין מלחמות.

דער באַשטאַנד פון די ביידע קעגנזעצלעכע כוחות איז נישט דער זעלביקער, אַזוי ווי עס זענען אַנדערש זייערע מאָראַלישע ווערטן. דערפאַר שטעלן זיך די געלערנטע און דענקער פון אַלע פעלקער ביי דער זייט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, אין דער ריי פון די מענטשן, וועלכע ווילן קעמפן פאַר שלום.

קאָנסטאַנטין סימאָנאָוו

## מיר בעטן נישט קיין שלום

טייערע פריינד!

דערלויבט אייך באַגריסן אין נאָמען פון פילמיליאָניקן סאָוויעטישן פאָלק, דעם פאָלק, וואָס האָט באַוויזן, אַז ער קאָן קעמפן, אָבער וואָס וויל שלום, וואָס איז אין משך פון העכער דרייסיק יאָר געשטאַנען אויף דער פאָדערשטער ליניע פון די קעמפער פאַר שלום. נישטאָ קיין קאָנגרעס, אויף וועלכן מיר, סאָוויעטישע מענטשן, וואָלטן געקאָנט אַרויסטרעטן מיט אַ גרעסערער פרייד, מיט אַ גרעסערן ענטוזיאַזם ווי אויפן קאָנגרעס צום שוץ פאַר שלום.

פיל רעדנער, וואָס זענען אַרויסגעטרעטן אויף דער טריבונע, האָבן דערמאָנט די נישט לאַנג פאַרענדיקטע מלחמה.

און איך וועל זי אויך דערמאָנען. גענוי מיט 4 יאָר צוריק, דעם 25 אַפּריל יאָר 1945 בין איך געווען אַן עדות פון אַ פריידיקער געשעעניש. אין דעם טאָג, ווען די סאָוויעטישע פאָלקן האָבן דעראָבערט די לעצטע קוואַרטאַלן פונעם פאַשיסטישן בערלין, האָבן אין דעם קליינעם שטעטל טאָרגאָוו אויף דער לאַבע זיך געטראָפן די סאָוויעטישע זעלנער מיט די אַמעריקאַנישע זעלנער. זיי האָבן זיך פריינדלעך געדריקט די הענט, זיך געפרייט מיטן צונויפטרעף און מיטן נאָענטן נצחון, וואָס האָט אין עטלעכע טעג אַרום געדאַרפט באַקרוינט ווערן מיטן איינגעמען בערלין דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי. זיי האָבן זיך געפרייט, וואָס די מלחמה מיטן פאַשיזם דערנענטערט זיך צום סוף.

און נישט געקוקט אויף די ביזאַיצטיקע מענטשנפרעסערישע דערקלערונגען פון די אַמעריקאַנישע גענעראַלן, ענדער איך ווייטער נישט מיין מיינונג, וואָס איך האָב באַקומען מיט 4 יאָר צוריק.

אין יענעם טאָג האָבן די אַמעריקאַנישע זעלנער, וועלכע איך האָב געטראָפן אויף דער לאַבע, פונקט אַזוי אויפריכטיק זיך גע-

פרייט מיטן נאָענטן סוף פון דער מלחמה, פונקט אַזוי אויפריכטיק געוואָלט דעם שלום, ווי עס האָבן אים געוואָלט די סאָוויעטישע זעלנער.

איך שטרייך אונטער: זעלנער. שוין דעמלט, מיט פיר יאָר צוריק, האָבן מיר נישט פאַרביטן די אַמעריקאַנישע זעלנער מיט די אַמעריקאַנישע גענעראַלן.

און אין די טעג פון יאָר 1945 האָב איך געזען אויף אַלע וועגן טויזנטער מענטשן, באַפרייטע דורך דער רויטער אַרמיי פון פאַשיסטישער קנעכטשאַפט, וועלכע זענען געגאַנגען אַהיים קיין פּראַג, סאָפיע, אַטען, רוים, בריסל, פּאַריז, קאָפּענהאַגן און וואַרשע.

די מענטשן, בירגער פון אַלע לענדער פון אייראָפּע, זענען געגאַנגען אַהיים, טראָגנדיק זייערע מלוכה־פענער, וואָס זיי האָבן אַליין געמאַכט. געגאַנגען פאַרמאַטערטע פון דער מלחמה, אויסגעמוטשעטע פון דער געפאַנגענשאַפט, אָבער גרענעצלאָז גליקלעכע זעענדיק פאָרויס אַ שנעלן שלום.

קיינער האָט דעמלט אַזוי שטאַרק נישט געגאַרט שלום ווי די סאָוויעטישע זעלנער, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם שווערן וועגן פון סטאַלינגראַד ביז בערלין, ווי די דורך זיי באַפרייטע מענטשן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, ווי די זעלנער פון אַלע אַרמייען, וואָס האָבן געקעמפט געמיינזאַם מיטן געמיינזאַמען שונא — דעם פאַשיזם.

פון יענער צייט זענען פאַריבער 4 יאָר, אָבער איך וועל וואָגן צו זאָגן, אַז איך זע נישט קיין סיבות, צוליב וועלכע ווער ס'נישט איז פון די מענטשן וואָלט געדאַרפט אויפהערן צו וועלן שלום. אַלע ווילן אים איצט אַזוי פונקט ווי דעמלט. עס ווילן אים די סאָוויעטישע זעלנער, וועלכע האָבן דעראָבערט בערלין, און עס ווילן אים די, וואָס זענען איצט געוואָרן זעלנער, און די, וואָס האָבן שוין לאַנג אָנגעטאָן ציווילע קליידער. עס ווילן אים מענטשן, וואָס האָבן מיט 4 יאָר צוריק זיך אַהיים געקערט פון די פאַשיסטישע לאַגערן, עס ווילן אים די פּראָסטע מענטשן, ענגלענדער און אַמעריקאַנער, אַרבעטער און פּויערים, וועלכע איך האָב געזען מיט 4 יאָר צוריק אויף דער לאַבע אָנגעטאָן אין זעלנערישע מונדירן...

זיי ווילן שלום, איך רעד וועגן דעם מיט איבערצייגונג נישט דערפאַר, ווייל איך וויל אין דעם גלויבן, נאָר דערפאַר, ווייל אַזוי איז. דער ערשטער עדות דערפון איז אונדזער קאָנגרעס דאָ אין פּאַריז.

אונדזער קאָנגרעס איז נישט צוזאַמענגערופן געוואָרן אין איין טאָג. ער איז אַ רעזולטאַט פון קאַמף פאַר שלום פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, ער איז אַ רעזולטאַט פון וואַקסנדיקן ווידערשטאַנד קעגן די מלחמה-אונטערצינדער, און איבער די לעצטע אַגיטירן יעדן טאָג, יעדע שעה פאַר מלחמה, קעמפן מיר אָבער, אַלע אָרנטלעכע מענטשן פון דער וועלט, יעדן טאָג, יעדע שעה, אין משך פון די פיר יאָר, אָנהייבנדיק פון טאָג, ווען ס'האָט געשלאָסן וואַפנשטיל-שטאַנד.

אין משך פון די יאָרן בין איך געווען אין פיל לענדער. איך האָב געזען, ווי אין טאָקיאָ האָבן די יאַפּאַנישע אַרבעטער אויף טויזנטער מיטינגען געפאָדערט שטרענג צו באַשטראָפן די יאַפּאַנישע מיניסטאָרן — די מלחמה-פאַרברעכער. איך האָב געזען, ווי אין ניו-יאָרק האָבן צוואַנציק טויזנט מענטשן, וועלכע האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין זאַל פון מעדיסאָן-סקווער גאַרדן, באַשאָנקען מיט אַפּלאָדיסמענטן די ווערטער — „שלום, פריינדשאַפט, סטאַלין". מיט די אייגענע אויערן האָב איך געהערט, ווי אין איטאַליען האָבן איטאַליענישע פויערים און פישער געשאָלטן די מלחמה. איך האָב געזען אין פּאַריז אַ הונדערט-טויזנט קעפּיקן עולם, וואָס האָט געשריגן: „נידער מיט ריינאָ! נידער מיט דאַלאַדיע! נידער מיט די מלחמה-פאַרברעכער! זאָל לעבן דער שלום!" ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך געזען אין בעלגיע, ווי די בעלגישע אַרבעטער און אינטעליגענטן האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם מיליטערישן אַטלאַנטישן פּאַקט, פאָדערנדיק שלום און פריינדשאַפט מיטן ראַטנפאַרבאַנד און די לענדער פון דער פאָלקס-דעמאָקראַטיע.

מיר ווייסן גוט, אַז צווישן די מענטשן פון די אַלע לענדער זענען געווען אָנהענגער פון פאַרשידענע פּאָליטישע און רעליגיעזע איבערצייגונגען, זיי זענען אָבער געווען איינשטימיק אין זייער פאַרלאַנגען דעם שלום.

די פעלקער ווילן שלום. איך מיין, אַז דאָס טשעכאָסלאָוואַקישע פאָלק וואָלט מיט פרייד אויפגענומען אין די מויערן פון פּראָג אַלע די מענטשן, וואָס געפינען זיך אין דער מינוט אין זאַל פון די באַראַטונגען פון פּאַריזער טייל פון קאָנגרעס. און איך מיין, אַז דאָס פראַנצויזישע פאָלק וואָלט מיט פרייד באַגריסט אין די מויערן פון פּאַריז אונדז אַלעמען, וואָס געפינען זיך אין דער מינוט אין זאַל פון די באַראַטונגען פון פּראָגער טייל פון קאָנגרעס. איך ווייס, אַז אין דעם זאַל זענען דאָ מענטשן פון פאַרשידענע פּאָליטישע איבער-

ציגונגען און פאַרשידענע רעליגיעס, אָבער איך ווייס אויך, אַז מיר שטייען אויף צוזאַמען, ווען עס זאָגט זיך דאָס וואָרט „פריינדשאַפט” און מיר אַפּלאָדירן צוזאַמען, ווען מע זאָגט דאָס וואָרט „שלום”.

די אַמעריקאַנער רעאַקציאָנערן נעמענדיק צו הילף די בראַנ־צווזישע רעגירונג קעגן ווילן פון פראַנצויזישן פאָלק, האָבן נישט אַריינגעלאָזט קיין פאַריז אַ גרעסערן טייל פון דער סאָוויעטישער דעלעגאַציע. זיי האָבן אונדז באַשטימט אַ לימיט, וועלכן — היות זיינע דערפינדער געפינען זיך אין וואַשינגטאָן — איך וועל זיך דערלויבן אָנצורופן אַמעריקאַנער לימיט.

ווען כ'האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָב איך זיך תיכף דערמאָנט סטאַלינגראַד, ווו איך בין געווען אין די טעג פון די קאַמפן, לענינגראַד, ווו איך בין געבוירן געוואָרן, זיך דערמאָנט טויזנטער קרבנות, פאַרן פרייז פון וועלכע, מיר האָבן נישט אַוועק־געגעבן די דאָזיקע שטעט די פאַשיסטן.

אָבער איך געדענק נישט, אַז אין יענע שווערלעכע טעג פון מלחמה זאָלן די אַמעריקאַנישע רעאַקציאָנערע זשורנאַליסטן האָבן געשריבן עפּעס וועגן דער נייטיקייט צו באַגרענעצן די צאָל פון אונ־דזערע קרבנות אָדער זעלנער, וועלכע מיר האָבן געשיקט צום קאַמף קעגן די פאַשיסטן אויף אַלע פראָנטן. איך דערמאָן זיך נישט, זיי זאָלן האָבן כאָטשבי מיט ווערטער זיך באַמיט צו פאַרקלענערן די צאָל.

פאַרקערט, איך געדענק זייער גוט, ווי די אַמעריקאַנער רעאַק־ציאָנערע ציַיטונגען האָבן דעמלט געליאַרעמט: „מער סאָוויעטישע זעלנער, וואָס מער זעלנער, מער, מער, אָן שום באַגרענעצונגען”.

דערפאַר אָבער איצט, בעת דעם שלום־קאָנגרעס, האָבן זיי זיך דערמאָנט אַ לימיט. האָבן זיך באַמיט אַזוי איינצואָרדענען, אַז וואָס מעגלעך ווייניקער אונחזערע דעלעגאַטן זאָלן קעמפן פאַר שלום אויפן קאָנגרעס, מעגלעך וואָס ווייניקער, וואָס ווייניקער, וואָס ווייניקער!...

דאָס זאָגט עדות נישט בלויז וועגן פעלן פון געוויסן און אָרנט־לעכקייט, דאָס זאָגט עדות וועגן זייער פחד. זיי האָבן מורא אונדז אַריינצולאָזן. האָבן מורא פאַרן קאַמף, וואָס מיר פירן פאַר שלום. האָבן פאַר אונדז מורא, פאַר יעדן פון אונדז באַזונדער און פאַר אַלעמען צוזאַמען. נו, וואָס? ווען מורא ביים שונא — איז גוט, אָבער באַזונדערס, ווען די דאָזיקע שונאים זענען שונאים פון שלום.

מיר בעטן נישט קיין שלום. מיר פאָדערן אים. מיר זענען זעל־

נער אין קאַמף פֿאַר שלום. די מלחמה־אונטערצינדער, וועלכע שטעלן זיך פֿאַר, אַז מיר ווילן שלום דערפֿאַר, ווייל מיר זענען שוואַך, מאַכן אַ פּרינציפּיעלן און פֿאַר זיי געפֿערלעכן טעות.

מיר ווילן שלום נישט דערפֿאַר, וואָס מיר האָבן מורא פֿאַר מלחמה, נאָר דערפֿאַר, — ווייל מיר ווייסן, וואָס פֿאַר אַן אומגליקן מלחמה ברענגט אַלע פֿעלקער. און מיר, אין קעגנזאַץ צו די מלחמה־אונטערצינדער, טראַכטן דאָך אַלע מאָל קודם־כל וועגן דעם גורל פֿון די פֿעלקער, וועגן זייערע אינטערעסן, און נישט נאָר וועגן די אינטערעסן פֿון די פֿעלקער פֿון אונדזער לאַנד, נאָר אויך וועגן די אינטערעסן פֿון די פֿעלקער פֿון דער גאַנצער וועלט. דערפֿאַר, איז כאָטש מיר וואָלטן זיך געפֿילט איך וויים נישט ווי שטאַרק, כאָטש מיר וואָלטן געהאַט איך וויים נישט וועלכע זיכערקייט פֿון נצחון אין אַנבליק פֿון וועלכע ס'איז פּרוּוון — ווילן מיר שלום און נאָר שלום, און מיר וועלן אַלץ טאָן, כדי נישט צו דערלאָזן צו קיין מלחמה.

עס האָבן אַמאָל געזאָגט די רוימער: „טייל און געוועלטיק!". די מלחמה־אונטערצינדער פּרוּבירן איצט האַנדלען לויט דעם אַלטן באַנדיטישן פּרינציפּ. אָבער אונדז, פּראָסטע מענטשן פֿון דער גאַנצער וועלט, איז נישט אַזוי לייכט צו צעטיילן. מיר, מענטשן פֿון אַרבעט, האָבן שטאַרקע הענט און ווען מיר ציען אויס די האַנט ווי אַ פֿריינד צו אַ פֿריינד אויף פֿריינדשאַפֿט, אויף שלום, וועט מען דעם האַנט־דרוק נישט קאָנען צערייסן.

און אויב מיר זענען אייניק אין אונדזער קאַמף פֿאַר שלום, אויב אונדז, די שלום־קעמפֿער, קאָן מען נישט צעטיילן, אויב דערצו וועט נישט קלעקן קיין כוחות די אונטערצינדער — וועט אויף דער וועלט זיין שלום און נישט מלחמה. עס וועט זיין אַזוי, ווי מיר ווילן און נישט אַזוי, ווי זיי ווילן!

טייערע פֿריינד! מיר, די סאָוויעטישע דעלעגאַטן, זענען גליקלעך, וואָס מיר קאָנען רעדן פֿון דער טריבונע אין דעם זאַל, אין דער פֿרייער, גאָלדענער פּראָג. היינט, אין לעצטן טאָג פֿון קאָנגרעס אין שוץ פֿאַר שלום, האָבן מיר דאָס פֿולע רעכט פֿעסטצושטעלן, אַז די אינטריגעס פֿון די מלחמה־אונטערצינדער האָבן געליטן אַ מיאוסן און נאַרישן דורכפֿאַל אין נאָך איין פּונקט, דער לעצבערלעכער פּרוּוו צו צעררייסן דעם אַלוועלטלעכן קאָנגרעס צום שוץ פֿאַר שלום האָט געליטן אַ דורכפֿאַל.

דער זעקסטער טאָג, צוויי זאַלן, אין פּאַריז און פּראַג, אַטעמען מיט איין ברוסט, רעדן מיט איין שפּראַך, לעבן מיט איין לעבן. אייגנטלעך וואָלטן מיר געקאָנט נישט באַנוצן די ווערטער „דער פּאַריזער טייל פון קאָנגרעס", „פּראַגער טייל פון קאָנגרעס". אַזוי אייגהייטלעך זענען די דאָזיקע צוויי זיינע טיילן. אָבער אויב מיר רעדן שוין יאָ וועגן טיילן, טאָ דערלויבט מיר זאָגן עטלעכע ווערטער, וואָס איז אַזוינס אונדזער פּראַגער טייל פון קאָנגרעס, און וואָס שטייט הינטער די דאָזיקע באַשיידענע אויבנאויפיקע ווערטער.

טייערע פריינד! דאָ, אין דעם זאַל איז רעפּרעזענטירט דורך זיינע פאָרשטייער אַ מיליאַרד פּראָסטע מענטשן פון דער וועלט.

אָט־אָ זיצט די דעלעגאַציע פון דעמאָקראַטישן כינע, וואָס הינטער זייערע פּלייצעס זע איך האָס 400 מיליאָניקע כינעזישע פאָלק.

אָט־אָ זיצט די סאָוויעטישע דעלעגאַציע, הינטער אירע פּלייצעס — 200 מיליאָן סאָוויעטישע מענטשן.

אָט איז אונגאַרן, פּוילן רומעניע, שפּאַניע, גריכנלאַנד, אָט־אָ די דעלעגאַטן פון די דייטשישע און עסטרייכישע פעלקער, אָט־אָ די דעלעגאַטן פון אינדאָנעזיע, די פאָרשטייער פון בולגאַריע, אָט־אָ די פאָרשטייער פון טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל גאַסטפריינדלעכקייט דעם קאָנגרעס, די דעלעגאַטן פון הונדערטער מיליאָנען מענטשן.

איך בין נישט קיין ספּעציאַליסט פון טרוקענער סטאַטיסטיק, איך קאָן זיך טועה זיין אין ציפערן, אָבער איך בין אַ שרייבער און כ'וועל זיך נישט טועה זיין, ווען כ'וועל זאָגן, אַז אַריינקוקנדיק אין די הערצער פון די פעלקער, האָבן מיר אַ רעכט צו באַטראַכטן יעדע פון די באַטייליקטע דאָ דעלעגאַציעס פאַר די פאָרשטייערין פון איר פאָלק.

יאָ, געוויס, אויב קאָנטינואירן די טרוקענע סטאַטיסטיק, איז מעגלעך, אַז אין אַנדערע לענדער, נישט אין די, וועגן וועלכע עס רעדט זיך, שטעלן די מלחמה־אונטערצינדער און זייערע מיטשותפים פאַר אַ נישטיקן פּראָצענט, אָדער אַ טייל פון אַ פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. אָבער דערלויבט מיר צוזאַמען מיט אייך נישט נעמען אין אַכט דעם דאָזיקן פּראָצענט, דערלויבט אונדז צו האַלטן, אַז די מלחמה־אונטערצינדער געפינען זיך אויסער די פעלקער, אויסערן געזעץ, צו האַלטן, אַז רעדנדיק וועגן די פעלקער, קאָנען מיר נישט דערמאָנען די מלחמה־אונטערצינדער, מיר וועלן זיי ציילן נאָר דאַן, ווען מיר וועלן רעדן וועגן שונאים.

אבער וועגן די שונאים דאַרף מען געדענקען! און דעם קאַמף מיט זיי דאַרף מען נישט אָפּלייגן אויף קיין איין טאָג. דער אַלוועלט־לעכער קאָנגרעס איז שוץ פון שלום — דאָס איז אונדזער זיג אין קאַמף מיט די מלחמה־אונטערצינדער. מיר מוזן באַווייזן צו טאָן אַזוי, אַז זיי זאָלן יעדן טאָג פילן אונדזער כסדרדיקע און אַלץ־וואַקסנדיקע קעגנווירקונג...

און סע איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז מיט געמיינזאַמע כוחות וועלן מיר דאָס טאָן.

זאָל לעבן דער שלום אויף דער גאַנצער וועלט! זאָלן לעבן זײַנע פּאַרטיידיקער! זאָל לעבן אונדזער קאָנגרעס! זאָלן פאַרשאָלטן זײַן די מלחמה־אונטערצינדער, די שונאים פון דער מענטשהייט! און זאָלן זיי געדענקען, אַז מיר — די פרײַנד פון שלום — זענען גענוג שטאַרק און גענוג דעצידירט, בכדי צו מאַכן אַ סוף צו אַלע זייערע פּלענער.

פּאָל עלואַר

# אַ רעדע, וואָס איז נישט געהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק

ווי באַוווּסט האָט דער סטייטס־דעפּאַרטאַמענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן אָפּגעזאָגט אַריינפאָר־וויזעס די פראַנצויזישע דעלעגאַטן אויף דער ניו־יאָרקער „נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ צו פאַרטיידיקן די קולטורעלע און וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען": די פרוי קאָטאָן, דעם גלת דזשאָן בוליער און פּאָל עלואַר. אונטן פאַרעפנטלעכן מיר דעם אינהאַלט פון דער רעדע, וואָס עלואַר האָט צוגעגרייט צו דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ, און האָט זי געהאַלטן דעם 2 אַפּריל אין פּאַריזער קאָמיטעט פון די נאַציאָנאַלע שרייבער.

איך באַגריס אייך — אייך, וואָס איר ווילט שלום, אייך, די בעסטע פון צווישן די מענטשן, איך באַגריס אייך, וואָס אין דער פּשוטקייט פון אייער האַרץ, אין דעם ניכטערן גלייכגעוויכט פון אייער גייסט קאָנט איר נישט פאַרשטיין, אַז מע זאָל קאָנען די כּוחות פון שלעכטס, פאַרברעכן און שמוציקסטן באַגער נאָך ריווח קעגנשטעלן דעם ווילן פון פאַרשריט, ברידערלעכקייט, ליבע, וואָס איז דאָך דער ווילן פון דער מערהייט פּשוטע און לויטערע מענטשן, אַזעלכע ווי איר.

איך בין גליקלעך, וואָס איך קאָן אייך באַגריסן דאָ, פריינד מיינע, פריינד פון אַלע מענטשן, אין דעם גרויסן לאַנד, וואָס איז פאַר פיל ערלעכע מענטשן געווען אַן אידעאַל לאַנד. אַמעריקע — דאָס וואָרט האָט געהאַט אַ לויטערן אויסקלאַנג. מיר ווילן נישט, אַז דאָס דאָזיקע וואָרט זאָל הײַנט קלינגען פאַר אונדזערע האָפענונגען, ווי אַ לויה־גלאָק.

מיר האָבן געהערט און הערן כּסדר די נביאישע ווערטער פון וואָלט וויטמאַן:

איך זאָג אַז די באַשעפענישן פון דער נאַטור, וואָס וועלן אויסוואַקסן,

איך זאָג אָן דעם נצחון פון דער גערעכטיקייט,
איך זאָג אָן די פרייהייט און גלייכהייט אָן באַגרענעצונגען,
איך זאָג אָן די באַרעכטיקונג פון פשוטקייט און באַרעכטיקונג פון שמאָלץ;

די היינטיקע וועלט מוז אויסקלייבן צווישן דעם מאַרגנרויט און שוידער.

מיר זענען נישט קיין אוטאָפּיסטן, אָבער מיר ווייסן, אז די בלינדע וועלן סוף כל סוף זעענדיק ווערן. דאָס איז אָפּהענגיק פון דעם, וואָס מיר וועלן אוועקשטעלן פאַר זייערע אויגן.

מיר האָבן אַלעמאָל באַקעמפט די פינצטערניש. מיר ווייסן, אַז עס וועט זיך גאָרנישט לאָזן טאָן קעגן דעם פאַרביסענעם צוטרוי, קעגן אונדזער פילגעשטאַלטיקן כוח. אין דעם באָאָס זענען שוין אומעטום די אויגן ברייט צעעפנט, זיי דערגרייכן זייער ווייט און זעען פון זייער נאָענט.

איך קום פון פראַנקרייך, און פאַר מיר לויכט דאָס וואָרט פראַנקרייך מיט אַן אוניווערסאַלן בליאַסק. איך קום פון אַן אַלט לאַנד, וואָס איז מענטשלעך, פילבאַר, שכלדיק און גוט. דאָס לאַנד איז אייך נישט אומבאַקאַנט. דאָס איז אַ לאַנד, ווו די אָרנטלעכע מענטשן האָבן געטראַכט, אַז זיי דאַרפן שליסן אַ שלום אין זיך, אַ שלום מיטן אייגענעם געוויסן און אַ שלום מיט אַלע מענטשן. דאָס איז אַ לאַנד, וואָס זיינע גרעסטע מענטשן, בעסטע גייסטער האָבן אין זיך אַליין דערשטיקט די פאַסיע, וואָס האָט אונטערגעהעצט צו מלחמה. דאָס איז אַ לאַנד פון בונט קעגן נעבעכדיקער גאווה, אַ לאַנד פון רעוואָלוציעס, וואָס טיילט נישט אָפּ דעם מאָראַלישן פאָרשריט פונעם מאַטעריעלן פאָרשריט.

אַן אַלט לאַנד — נאָר אויך גריכנלאַנד איז אַן אַלט לאַנד. ווער פון אייך נערט זיך נישט נאָך היינט מיט איר לאָגיק, מיט איר ליכט. און זענען דאָך היינט פראַנקרייך און גריכנלאַנד איבערגעלאָזן אויפן באַראָט פון דעם וואַקלדיקן, פינצטערן און נעבעכדיקן גערדאַנק, וואָס שטרעבט איבערצוגעשטאַלטיקן גאָלד אין בליי, זון און ריין וואַסער — אין נאַכט און פינצטערניש.

מיר מישן זיך אַריין אין דעם, וואָס גייט אונדז אָן, ווייל דאָס, וואָס גייט אונדז אָן, איז — דאָס גליק פון דעם מענטשן, וואָס איז אויך אונדזער גליק. מיר ווילן נישט, ווי עס זאָגט ראָמען ראָלאַן: בזויסע הערן, קאַריערּיסטן, יונקערס, אייגנטימער פון הויטעס,

טרעסטן, שפעקוליאַנטן, געווער־צושטעלער, אויטאָקראַטן פון געלט און גרויסער אינדוסטריע — זאָלן קאָנען, כדי צו באַפרידיקן די ניי־דעריקע באַגערן, שפּילן, „מיט אַלע גוטע און שלעכטע אינסטינקטן פון דער מענטשהייט".

אויב עס גייט וועגן מיר, בין איך אַ דיכטער נאָר דערפאַר, ווייל איך סאָלידאַריזיר זיך מיט די אונטערדריקטע. איך בין אַ בעל־חוב די מענטשן, וואָס לעבן אין מי און אין האָפענונג, וואָס האָבן אַלץ איבערגעלעבט און האָבן גאָרנישט צו פאַרלירן אויסער די אייגענע קייטן. איך גרענעץ זיך נישט אָפּ פון דער וועלט, אין וועלכע איך לעב. איך באַמי זיך צו דערוויסן, ווער איך בין, דערוויסנדיק זיך, ווער זענען די אַנדערע. איך באַמי זיך צו דערקענען אַנדערע און, דערקענענדיק זיי, דערקענען זיך אַליין. מיין שטים איז באמת גע־מיינזאַם מיט אַנדערע. דער אמת פון דיכטער איז ווי דער פילאָזאָ־פישער אמת. ער וואַרפט זיך אָן מיטן כוח פון די פאַקטן, מיטן כוח פון לעבן, מיט דעם קאָמפּראָמיסלאָזן רעכט, מיטן הייסן רעכט. ער איז אַ געזאַנג, וואָס ווערט נישט אָפּגעשוואַכט, אַ פייער, וואָס ווערט נישט פאַרלאָשן. ער איז אַ נוצלעכער אמת, ווען אַפילו דאָס געפעלט נישט די, וואָס פאַראַכטן דאָס לעבן. ער איז אַ פּראַקטישער געדאַנק, אַ נוצבאַרער, אַ זאַך פון אונדזער ערשטן באַדאַרף.

די דראָונגען — טענהן די דיכטער — וועלן זיין כסדר די זעלבע, ביזן טאָג, ווען מיר וועלן זיך באמת פאַראייניקן מיט די מענטשן. די דיכטער טראַכטן נישט וועגן קיין שום אַנדערע זאַך. זיי קענען די געהיימנישן פון די מענטשן, זיי קענען די, וועלכע גייען אַזוי לייכט אַריבער פון „איך" צו מיר — זייער טראַגעדיע איז די טראַ־געדיע פון כלל, זייער פאַנטאַזיע צינדט אָן און אָרגאַניזירט די וועלט, אין וועלכער זיי לעבן. זינגענדיק זייער אייגענע געשיכטע, זינגען זיי די געשיכטע פון דעם ערשטן באַגעגנטן מענטשן אין גאַס, צי אין שטוב — מאַן, פרוי אָדער קינד, וואָס מאַכן פּשוטע זשעסטן און פלוצעמדיקע זשעסטן, ווי אַ פייער, זשעסטן אומבאַקאַנטע אין אונדזערע לענדער, וואָס זענען געפאַנגען אין דער פאַסטקע פון גרענעצן און הערשער. זיי בונטעווען זיך קעגן דער אייגענער שוואַכקייט, קעגן אומגערעכטיקייט און טויט. זיי דעקן אויף זייערע פאַרדינסטן און פעלערן, זייער ווערט און גוטע מעשים, זייער אומ־גליק, זייער שטרעבונג און ליבע צו אמת, וואָס בייט זיך אָט ווי אַ נעבעכדיקער און אָט ווי אַ פולער מיט רום. זיי באַווייזן זיך און באַווייזן אַנדערע, אַזוי ווי זיי זענען — מיט רואיקן און דערשי־

טערנדיקן מוט. ווייזט מיר, אַן אמתן דיקטער, וואָס וואָלט געזאָגט אַ ליגן, אַ ליגן דעם אייגענעם האַרץ און אַנדערע. כאָטש איינמאָל באַווייזט מיר, אַז האָמער צי דאַנטע, שעקספּיר צי ווילאָן, געטע צי שעלי, פּושקין צי מאָדלער, וויטמאַן צי רימבאָ, ווערלען צי לעטראַ-מאָן, צי אַפּאָלאָנער, צי מאַיאַקאָווסקי, צי גאַרציאַ לאָרקע האָבן כאָטש איינמאָל געזאָגט אַ ליגן. זיי האָבן נישט געוואָלט זיין אָפּגע-גרענעצט פון זיך אַליין, נישט געוואָלט זיין אָפּגעגרענעצט פון אַנ-דערע, דורך דעם, וואָס וויל נישט אין אַנדערע פאַרשווינדן. זיי ווייסן, אַז די מענטשלעכע האָפענונג איז אַ פּילקאַלירנקע. דער רע-גנבויגן וועט נעמען די אויבערהאַנט.

גלויבט מיר, מיינע אַמעריקאַנישע פריינד, אויב איך האָב גע-שעפּט פרייד פון באַזינגען דאָס, וואָס כ'האָב געפילט, האָב איך אויך איבערגעלעבט גענוג פּיין. ס'איז נישט אַזוי לייכט צו זיין אַ וואָרט-זאָגער. איך מוז זיך דערנענטערן צו אייך, איך מוז זיך פאַר-איייניקן מיט אייך, איר קאָנט מיר נישט זיין אומפריינדלעך, ווייל מיר זענען נאָר מענטשן. איך רוף אייך אַרויס, איך רוף אַרויס זיך אַליין — צי דאַרפן מיר דען זיין שונאים? דאָס איז דאָך צום לאַכן! די אַנטיילנעמער פון אונזער ברידערלעכקייט שטעלן מיט זיך פאַר איין משפּחה. מיר זענען נישט קיין אומשעדלעכע טרוימער, מיר האָבן אונדזערע מיטלען פון האַנדלונג, מיר פאַרמאָגן כוח, וואָס וועט זיגן, כוח קעגן דעם פאַטום פון די געשעענישן.

מלחמה? איך שווער און פאַרלאַנג פון אייך, אַז איר זאָלט אויך שווערן צוזאַמען מיט מיר, אַז גערעכט איז נאָר דאָס האַרץ, וואָס שלאָגט אין טאַקט מיט אַנדערע הערצער. איך שווער, אַז די גערעכ-טיקייט איז פון דער וועלט, ווייל זי איז דער אויסדרוקער פון די איינשטימיקע שטרעבונגען פון די מענטשן אויף דער ערד.

לינקאָלן האָט געזאָגט: „קיין שום מענטש האָט נישט קיין רעכט צו באַפעלן אַן אַנדערן מענטש אָן זיין הסכמה" — דאָ איז דער שליסל צום נאָענטן גליק. די מענטשן ווילן אַליין באַשטימען פאַר זיך, זיי ווילן נישט זיין אונטערגעאָרדנט די כוחות פון שלעכטס. אומעטום הערט מען שוין נאָר דעם אייגענעם געוויסן. דאָס שלעכטס וועט אָפּטרעטן דאָס אָרט דעם גוטס.

לאָמיר קעמפן!

דוד ספּאַרד

# די מלחמה־העצער אין דער ראָל פֿון „פּריוואַט“־פּרעדיקער

אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט איז דער קעגנזאַץ צווישן יחיד און כלל אומפֿאַרמיידלעך, ווייל דער עצם־פּרינציפּ, אויף וועלכן די געזעלשאַפֿט באַזירט איר מאַטעריעלע עקזיסטענץ און אידעיִשע באַרעכטיקונג איז אין תוך אוממאָראַליש און מענטשן־פֿיינטלעך. די רעליגיעז־מיסטישע און סענטימענטאַל־אוטאָפּישע לערעס, מיט וועלכע די אידעאָלאָגן פֿון דער האָזיקער געזעלשאַפֿט באַמען זיך צו פֿאַרדעקן די ווילדקייטן און פֿאַרשווערונגען פֿון מענטש, וואָס קריכן אַזוי אָפֿט אַרויס פֿון איר מכלומרשט ציוויליזירטן בגד, נייען זיך פֿאַנאַנדער, ווי נעפּלען ביי דער מינדסטער שיין פֿון טאָג. וואָרום ווער ווייסט שוין דען היינט נישט, אַז דאָס הימלישע קעניגרייך אין אַלע זייַנע פֿאָרמען און אויסדרוקן איז נישט מער ווי אַ בליץ־אָפּלייטער אין די הענט פֿון אַ קליין הייפֿל אָנגעפּרעסענע און מאַכט־גיריקע יחידים פֿאַר מיליאָנען באַליידיקטע און באַעוולהטע? און פֿאַר וועמען איז דען היינט נאָך פֿאַרהוילן דער רויבעריש־בלוטיקער אינהאַלט פֿון זייערע אויסגעטאָקטע האָניק־טריפֿנדיקע רייד, מיט וועלכע זיי קומען צום פּשוטן מענטש, כדי אָפּצוטעמפּן זיין וואַכזאַמקייט און קאַמפּס־גרייטקייט?

די חיהשע גיריקייט פֿון בורזשואַזן קלאַס, וועלכע האָט דערפֿירט צום ווילדסטן און בלוטיקסטן קאָשמאַר אין דער מענטשלעכער געשיכטע, צום היטלעריזם, ווערט ווידער — אין איר נייער פֿאַרוואַנדלונג פֿון אַנגלאָ־זאַקסישן אימפּעריאַליזם — אַ טויט־געפֿאַר פֿאַר דער מענטשהייט. די צוגרייטונגען צו אַ נייער וועלט־שחיטה ווערן געמאַכט מיט אָפֿענעם ציניזם. די גאַנצע מענטשלעכע קולטור, וואָס איר אויפֿגאַבע איז מיטצוווירקן צו דעם מאַטעריעלן וווילזיין פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט און צו איר גייסטיקער דערהייבונג, ווערט צוגעפּאַסט אָן שום רעשט צו דער פּראַ-

דוקציע פון מאָרד־מכשירים און צו מאָראַלישער דעגענערירונג. זייער „ליטעראַטור" און „קונסט" איז אויף דעם סאַמע כיטרעסטן אופן אויסגערעכנט צו דערציען דעם מענטש אין פאַרהערלעכונג פון זייער רויבערישן סיסטעם, אין געזעלשאַפטלעכער אומבאַוווסטזיניקייט און נאַציאָנאַליסטישער שנאה פון איין פאָלק צום צווייטן. און זייער גאַנצע וויסנשאַפט האָט דעם ציל פסיכאָלאָגיש צו פאַרלייכטערן און מאַטעריעל צו פאַרביליקן דעם פּראָצעס פון מאַסן־פאַרניכטונג.

אָבער אין פּראָפּאָרץ צו זייער אינערלעכער צעפּוילטקייט און צעפאַלנקייט וואַקסט אויך זייער אויסערלעכע צביעות. זיי הערן נישט אויף צו רעדן וועגן דער פרייהייט פון יחיד, וועלכן זיי באַמיען זיך אַזוי מיט אַלע מיטלען צו פאַרוואַנדלען אין האַרמאַטןפלייש פאַר דער פאַרגרעסערונג פון זייערע דיווידענדן.

די פרייהייט פון יחיד איז געוואָרן זייער צביעותדיקע פאָן, אין נאָמען פון וועלכער זיי רעאַליזירן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט פון ציוויליזירטע באַרבאַרן די שענדונג פון מענטש, זיין גייסטיקע און פיזישע דערנידערונג, פאַרקריפּלען די מענטשלעכע געשיכטע און פאַרשוועכן די מענטשלעכע קולטור. ווי אַרום אַן איינציק רעטונג־שיפל אויף דעם צעבושעוועטן ים פון אויפגעוואַכטער צו זיי פאָלקס־שנאה, קלאַמערט זיך איצט אַרום דער דאָזיקער צביעותדיקער פאָן דאָס גאַנצע הייליקע געזינדל פון וואָל־סטריט־באַנקירן און מאָרד־פאַבריקאַנטן מיט אַלע זייערע אונטערטעניקע פרומע און וועלטלעכע משרתימלעך. דאָ טרעפט איר אין איין פריינדלעכער חברותא, דורכגעדרונגענע מיט דער זעלבער וועלט־אָנשויונג און מיט דער זעלבער האָפענונג, היטלער־מערדער, וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטרינען פון דער תליה, אָנפירער פון אוקראַאינישע פּאָגראָם־באַנדעס, פאַרעטער פון פוילישן פאָלק, אַנטיסעמיטן און מלחמה־העצער, צוזאַמען מיט פאַרשטייער פון דער רעכטער, פאַשיזירטער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון אַטלי־בעווין־הובינסקי שניט. דער דאָזיקער פאַרברעכערישער חברה לויפן פאָרויס מיט אַ הניפהדיק בילעריי די פאַרקויפטע פען־מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, צווישן וועלכע עס פאַרנעמען אַ ביז גאָר חשוב אָרט די יידישע רעאַקציאָנערע שרייבער. ווי געוויינטלעך, באַמיען זיך די לעצטע נאָך איבערצושרייען אַלע איבעריקע, כדי וואָס מער צו געפעלן וועדן דעם באַלעבאָס און אים באַווייזן זייער געטרייישאַפט. שטעלנדיק זיך אין איין ריי מיט די אויפגעריכטע און רע־

האבּיליטירטע היטלער־מערדער און דינסט פון די אַנגלאָ־זאַקסישע אימפּעריאַליסטישע העצער צו אַ נייער וועלט־שחיטה, פּרוּוון אויך די דאָזיקע לייט צו פאַרדעקן זייער מענטשלעכע שאַנד און פּראַם לגבי דעם אייגענעם פאָלק מיט דעם צביעותדיקן פייגן־בלעטל פון פרייהייט פון יחיד, קינסטלערישער אומאָפּהענגיקייט און ענלעכע פּאַרליגנערישטע פראַזן, וועלכע האָבן שוין אין זייער אייגענער פּראַקטיק פון לאַנג פאַרלוירן יעדן אינהאַלט, ווייל זייער אמתער אַלגעמיינער טייטש לאָזט זיך איבערחזרן פאַר זיי אויסשליסלעך אויף דעם פּרייז פון דאָלאַרן. אָבער צי וועט זיי דער דאָזיקער צביעותדיקער אויסרייד שיצן אין די אויגן פון פאָלק? צי וועט ער פאַרענטפערן זייערע אויסגעלאַסענע חוצפּהדיקע רייד קעגן דעם לאַנד, אין וועלכן די אַרבעטנדיקע פון דער גאַנצער וועלט זעען די איינציקע האָפענונג פון דער מענטשהייט און די איינציקע גאַראַנטיע פאַר דער מענטשלעכער קולטור — קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד? צי וועט דער דאָזיקער צביעותדיקער אויסרייד באַרעכטיקן זייערע ליגנערישע בלבולים פול מיט שנאה און גיפט קעגן די לענדער, וועלכע ענטפּערן אויף אַלע ווילדע מלחמה־העצעס מיט גרויסע און פרידלעכע בויונגען, מיט טיפער זאָרג פאַר דער מאַטעריעלער און גייסטיקער אַנטוויקלונג פון זייערע פעלקער — קעגן די פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער? ניין, דער דאָזיקער צביעותדיקער אויסרייד וועט זיי נישט פאַרענטפערן און נישט באַרעכטיקן, פּונקט ווי ער וועט נישט אָפּראַטעווען די אומווירדיקע עקזיסטענץ פון דעם רויבערישן קלאַס, וועלכן זיי האָבן זיך פאַרקויפט פון ענדגילטיקן אונטערגאַנג. זייער אומאָפּרופלעכער אורטייל ליגט אין דעם אומפאַרמיידלעכן קעגנזאַץ צווישן זייער גאַנצן אופן פון זיין און דער נויטווענדיקער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, אין דעם קעגנזאַץ, וועלכער איז אין אַלע פאָרמען פון זייער קולטור־ און קונסט־איבערגעבייען דער קוואַל פון צביעות און אויסגעלאַסענעם ציניזם.

זיי פרייידיקן דעגענערירונג פון יעדער מענטשלעכער מאָראַל, ווייל דעגענערירונג און צעלייגונג איז דער אינהאַלט פון זייער זיין.

זיי זעען אומעטום פינצטערניש און אויסוועגלאָזיקייט, ווייל אויסוועגלאָז און אין פינצטערניש געהילט איז זייער אייגענער גאַנג. און דער עיקר:

זיי טוען אַלץ, כדי צו פאַרניכטן פיזיש און גייסטיק דעם מענטש, כדי צו פאַרפלייצן די ערד מיט בלוט, ווייל זיי טראָגן די פאַרניכטונג און דעם אונטערגאַנג אין זיך אליין.

זייער היסטערישער פחד איילט בלויז נאָך צו דעם דאַזיקן אונ־טערגאַנג און זייער נערוועזן געשריי צעוועקט נאָך שטאַרקער און שנעלער זייער יורש און באַגראַבער, דעם אַרבעטער, וועלכן זיי באַמיען זיך מיט אַלע מיטלען איינצוהאַלטן וואָס לענגער אין אונטער־טעניקייט און אין אומווויסן.

דער פּשוטער מענטש וואַכט אויף, דער מענטש פון ערלעכער אַרבעט און מי, וואָס האָט ליב דאָס לעבן און די פרייד פון לעבן, וואָס האָט ליב זיין נאָענטן מיטמענטש, און ער קוקט דעריבער מיט אַלץ וואַקסנדיקער בייזקייט אויף די, וואָס ווילן מענטשלעכע לעבנס אויסטוישן אויף גאָלד און מאַכט. אין דעם פּראָטעסט קעגן די קאַניבאַלן פון אונדזער צייט, קעגן די הענדלער מיט מענטשלעך בלוט, וועלכן זיין אויסגעהאַרעוועטע האַנט שרייבט אונטער מיט אומגע־שיקטע אותיות, קומען צום אויסדרוק די איידלסטע געפילן פון זיין האַרץ, זיין פעסטער ווילן און באַשלוס. אין זיי ליגט דער ערנסט און די קראַפט פון זיין וואָרענונג, זיין דראָענדיקער וועטאָ אויף דעם מאָרד־שגעון פון די עטלעכע צענדליק טויזנט באַרבאַרן, פאַר וועל־כע ער און אַלע ענלעכע צו אים פּשוטע פאָלקס־מענטשן האָבן אויף אַזוי פיל די ווערט, אויף וויפל זיי קאָנען פאַרמערן זייערע רווחים. אַלץ קלאָרער און קלאָרער הייבט אָן דער פּשוטער פאָלקס־מענטש צו באַגרייפן די דאָזיקע אייגענע קראַפט זיינע. אַלץ קלאָרער און קלאָרער הייבט ער אָן צו פאַרשטיין, אַז אייגנטלעך ווענדט זיך אַלץ אין אים, אין זיין אויסדויער און ווילן, אין זיין דעצידירטן און קאָמפּראָמיסלאָזן קאַמף.

די דאָזיקע שטייגערונג פון באַוווסטזיין ביי דעם מאַסן־מענטש קאָנען נישט פאַרבייגיין די בלוטיקסטע שונאים פון דער מענטש־הייט. פון הינטער זייערע מלחמה־העצערישע רייד, אַרומגענומען מיט געקינסטלטער פאַרריסנקייט און חוצפּה, קוקט אַרויס דער פּחד פאַר דער הונדערט־מיליאָניקער קייט פון שלום־קעמפער, וועלכע נעמט זיי אַרום אַלץ ענגער און ענגער, קוקט אַרויס די אייגענע אומזיכערקייט צוליב די הונדערטער מיליאָנען ווילנס, וועלכע האָבן אויפגעוואַכט צו מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט און פרייהייט. די פאַשיסטן פון אַלע קאָלירן האָבן שוין אַזאַ טבע: — וואָס נעענטער זייער סוף, וואָס ווייניקער שאַנסן אויף עקזיסטענץ, וואָס קלענער זייער ביסל אומזוירדיק חיות, אַלץ גרעסער דאָס מויל. רופט איין „דוטשע״ אויס אַ נייע ערע אין דער געשיכטע, אַ צווייטער „פירער״ פּראָקלאַמירט אַ טויזנטיעריקע מלוכה, אַ דריט פּי־

דערל גיט קיין קנעפל נישט אָפּ און פּינטעלע רעדן וועגן וועלט־מלוכות און וועלט־הערשאַפט, פאַרשטייט זיך, אונטער זייער אָנפירונג. אָבער די אַלטע קלוגע געשיכטע מאַכט צווישן זיי קיין אונטערשיד נישט, זי פאַרוואַנדלט זיי אַלע אין פאַרלויף פון אַ גרע־סערן, אָדער קלענערן צייט־אָפּשניט, אין לעכערלעכע קלאָונען, אין קרענקלעכע היסטערישע פאָרשטייער פון אַ גוססדיקן קלאַס, און פירט זיי אַלעמען — אין מיט פון זייער בלוטיקן שפּיל — אויף דעם איין און איינציקן פּאַסיקן פאַר זיי וועג, אויף דעם וועג צו דער תליה.

דאָס האָבן די בלוטיקע שונאים פון דער מענטשהייט, די מלח־מה־העצער און אַגרעסאָרן מכל המינים, געמוזט לערנען פון די דערפאַרונגען אין די לעצטע יאָרן. די היטלעריש־מוסאָלינישע דרכים אויף וועלכע עס זענען אַוועק, נאָך מיט מער כיטרעקייט און צבי־עות, די טרומאַנס און אַטשעסאָנס מיט אַלע זייערע קלענערע און גרעסערע אונטערשטופּער, מוזן זיי אומפאַרמיידלעך דערמאָנען אין דעם, וווהין די דרכים האָבן דערפירט. דעריבער שרייען זיי נאָך שטאַרקער און נאָך פאַרשייטער, כדי איבערצושרייען זיך אַליין, דעם אייגענעם אומפאַרמיידלעכן גורל, די אייגענע שוואַכקייט, דעם פאָרגעפיל פון אייגענעם אונטערגאַנג.

אַנטקעגן זיי שטייט רואיק און זעלבסטזיכער דער לאַגער פון שלום, דער לאַגער פון די הונדערטער מיליאָנען פּשוטע אַרבעטנדיקע מענטשן, וועלכע פילן זייער קראַפט, וועלכע ווייסן, אַז נאָר צו זיי געהערט די צוקונפט, וועלכע בויען שוין זייער צוקונפט. די דאָזיקע מענטשן קוקן זיך צו צו דעם בלוטיקן קאָשמאַר אין קאָרעע, אין וויעטנאַם, אויף די פיליפּינען, אין אינדאָנעזיע און ווו דען נישט, קוקן זיך צו צו די אוממענטשלעכע ווילדקייטן, אויף וועלכע עס איז פעיק דער אימפּעריאַליזם אין זיין לעצטער פוילונג־סטאַדיע, און זיי הייבן אָן אַלץ מער און מער צו באַגרייפן, אַז דער קעגנזאַץ צווישן יחיד און קאָלעקטיוו, ווי אַ קוואַל פון אומגליקן און פּיין, עקזיסטירט נאָר דאָרט, ווו דער האַזיקער קאָלעקטיוו ווערט רעגירט פון באַזיצנדיקן קלאַס, וואָס שטעלט זיינע מאַטעריעלע אינטערעסן העכער פון מענטשלעכע ליידן און מענטשלעכע לעבנס.

דאַקעגן דאָרט, ווו דאָס פאָלק אַליין שטייט ביי דער מאַכט, ווו עס ווערט אָנגעפירט מיט איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט דורך זיינע אייגענע בעסטע זין, איז אַזאַ קעגנזאַץ נישט פאַראַן. דאָרט זענען אַלע פאַראייניקט אין איין גרויסער שעפערישער אידעע פאַר

דעם מאַטעריעלן ווילזיין פון גאַנצן פאָלק און זיין אַלגעמיינער גייסטיקער דערהייבונג. דער דאָזיקער אידעע דינט מיט אינער־לעכער באַזיניקטער נויטווענדיקייט יעדער איינער אויף זיין אָפּ־שניט פון פיזישער, צי גייסטיקער אַרבעט, דינט די גאַנצע וויסנ־שאַפט, דינט די קונסט. און באַזיניקטע נויטווענדיקייט, דאָס איז דאָך די טיפסטע אינערלעכע פרייהייט, די אמתע דערקענטעניש פון צושטאַנדן און געשעענישן, חאָס אויסגעפינען זיך אַליין, דאָס אייגע־נע ריכטיקע אָרט אין די קאָמפּליצירטע געזעלשאַפטלעכע צווישן־באַציונגען. אָבער זייער „פרייהייט פון יחיד" איז די פרייהייט פון ווילקיר, פון הערשן איבער אַנדערע, פון פאַרוואַנדלען דאָס גאַנצע לעבן אין אַ ים פון פיין און ליידן, פון גייסטיקער דעגענערירונג און מאַטעריעלער נויט.

אין נאָמען פון אָט דער „פרייהייט" מאָרדן זיי די פרידלעכע באַפעלקערונג פון קאָרעע און אַנדערע שלום־ליבנדיקע לענדער, מאָרדן זקנים און פרויען, קראַנקע און קינדער; אין נאָמען פון דער „פרייהייט" פאַרוואַנדלען זיי אין אַש — שולן, מוזעאומס און שפּי־טאָלן; און אין נאָמען פון אָט דער „פרייהייט" שטיצן אונטער דעם דאָזיקן מאָרד און די פאַרוויסטונג די פאַרשידענע מאָראַליש־ברודיקע „שיינגייסטער", די אָנהענגער פון „אומאָפּהענגיקער קונסט" און „אומאָפּהענגיקער וויסנשאַפט", און העצן אין זייער אומווירדיקער ליטעראַטור אויף פאַרשידענע אופנים, ווער דירעקט און ווער אומ־דירעקט, צו אַטאָמישן קריג, צו מאַסן־מאָרד, צו דער פאַרניכטונג פון מענטש. און יעדן טאָג, און יעדע שעה קרייציקן זיי מיט עקלדיקן ציניזם און יעזואיטישער צביעות דעם שלום און די רו פון דער וועלט.

„מיר טוען אַלץ, כדי צו פאַרפעסטיקן דעם שלום" — דרשנט טרומאַן פאַר דעם פשוטן מענטשן מיט פאַרגלאַצטער צביעות, נאָר אים ענטפערט אָפּ דער אומהיימלעכער עכאָ פון פעלד־מאַרשאַל ראָבערט מאָנטגאָמערי, דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט פון די אַרמיי־אָנפירער פון דער מערב־אוניע, דער עכאָ פון זיינס אַ רעדע צו די באַנקירן פון וואָל־סטריט: „די נייע מלחמה וועט זיין פאַר אונדז אַן אמתער יום־טוב. מיר וועלן אויסהרגענען אַ מאַסע מענטשן..."

די קינסטלערישע דיגרעסיע וועגן דער „פרייהייט" פון יחיד פון די פאַרשידענע ליטעראַרישע טייוולאָנימלעך אין דער דאָזיקער

שוידערלעך־בלוטיקער שפּיל שאַפֿט באמת אַ קאָשמאַריש בילד פֿון צעלייגונג און אונטערגאַנג.

אָבער אויף דער דאָזיקער וויסטער שפּיל האָט זיך שוין דערקענט, און דערקענט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער, דער פּשוטער מענטש פֿון אַלע פֿעלקער און ראַסן — און צו אים געהערט דאָס לעצטע וואָרט.

איליאַ עהרענבורג

## רעדע אויפֿן וועלט־קאָנגרעס פֿון די אינטעלעקטועלע אין שוץ פֿון שלום אין וראָצלאַוו

בעת איך נעם דאָ דאָס וואָרט, דערמאָן איך זיך נישט־ווילנדיק דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פֿון די שרייבער אין שוץ פֿון דער קולטור, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין פּאַריז מיט 13 יאָר צוריק. די סאָוועטישע שרייבער, און צוזאַמען מיט זיי די פֿירנדיקע שרייבער פֿון דער וועלט, האָבן דעמלט גערעדט הויך וועגן דער געפֿאַר, וואָס דראָט דער קולטור. די געשעענישן, וואָס זענען פֿאָרגעקומען עטלעכע יאָר שפּעטער, האָבן באַשטעטיקט די דראָענדיקע פֿאָרויסזאָגונגען. אומקום פֿון צענדליקער מיליאָנען מענטשן, צווישן וועלכע עס זענען געווען פֿיל געניעס נאָך נישט קיין אַנטדעקטע, אוניווערזיטעטן פֿאַרטווישטע אויף שטאַלן און קנייפּעס, פֿאַרברענטע ביכער־פֿאָנדן, חורבות פֿון די עלטסטע און שענסטע שטעט — נאָוואָגראָד און רועז, פֿערוטש און נאָרימבערג, די קברים פֿון וואַנטשורען און באַי־זשעלענסקי, גאַרצי לאָרקין, מאַקס יאַקאָבן און אַנד. — דאָס איז דער רעזולטאַט פֿון דער לייכטזיניקייט, מיט וועלכער פֿיל מענטשן פֿון מערב האָבן זיך בשעתו באַצויגן צו די וואָרענונגען פֿון די פֿאָרגעשריטענע מענטשן.

פֿאַרן ביליקן נאָך־מינכענדיקן פֿייער־ווערק איז באַצאָלט געוואָרן מיט לאַנגע יאָרן דערשלאָגנדיקער פֿינצטערניש, און כאָטש די פֿאַרטונקעלונג פֿון די שטעט האָט אויפֿגעהערט נאָך דער מלחמה — דויערט זי נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין די מוחות פֿון מיליאָנען מענטשן.

בעת דער פֿאַשיזם האָט זיך צוגעגרייט צו זיין פֿאַרברעכערישער טעטיקייט, האָט דער פֿראַנצויזישער שרייבער דרי־לאַ־ראָשעל, וואָס האָט זיך נאָך געקווענקלט וואָס פֿאַר אַ וועג אויסצוהויילן, מודה געווען: „דאָס, וואָס ס׳איז געווען לעבן, שטעלט מיט זיך אַב־

סאָלוט נישט פאַר קיין שום אינטערעסאַנטעס. מע קאָן מער נישט עמפינדן, ווייל ס'איז נישטאָ מער וואָס צו עמפינדן". אַן ענטפער האָט אים געגעבן אַן אומבאַקאַנטער לערער פון אוראַל, וואָס האָט אָנגעשריבן צו מיר: „פרעגט דרי-לאַ-ראָשעלן, וואָס פאַר אַ שלעכ־טער גייסט האָט אים אונטערגעזאָגט אַזאַ נאַרישקייט. זאָגט אים ביי דער געלעגנהייט, אַז אַ געוויסער מענטש, אַ מיטגליד פון דער פּילמיליאָניקער געזעלשאַפטלעכקייט פון אונדזער לאַנד, וואָס באַמיט זיך נישט אָן דערפאָלג איבערצואַנדערשן דאָס לעבן פון דער אַלטער וועלט אויף נייע יסודות, פאַרזיכערט אים פּייערלעך, אַז דאָס דאָזיקע אַלטע לעבן איז נישט געבליבן אָן קיין „אַבסאָלוטע" ווערטן און אַז אין קעגנזאַץ צו זיינע קראַנקע באַגריפן עקזיסטירן נאָך עמפינ־דונגס-שיכטן פון מיליאָנען מענטשן, וועלכע שטייען פאַר אומאויס־געמאָסטענע מעגלעכקייטן. זאָגט אים אויך, אַז זיין אָפּאָנענט פון וויטן אוראַל האַלט, אַז דער מענטשלעכער באַוווסטזיין גרייט זיך ערשט איצט אויסצופילן זיין גרויסן היסטאָרישן ווילן. זיין אויפגאַבע איז איבערצוזעצן אויף אַ נייער שפּראַך, וואָס איז באַפרייט פון די פּענטעס פון דאָגמאַטיזם און צוגעפּאַסט צום נייעם לעבן, די אַלע טיפסטע געפילן, צו וועלכע עס געהערן ליבע, האַס, העלדיש־קייט, קרבנות-גרייטקייט אאַ"וו".

דער דאָזיקער בריוו טראָגט די דאַטע פון יאָר 1932. אין 10 יאָר שפּעטער איז דער שרייבער דרי-לאַ-ראָשעל געוואָרן איינער פון די אָפּאָסטאָלן פונעם פאַשיזם. רימענדיק די מענטשן, וואָס האָבן „באַפרייט" דאָס פראַנצויזישע פאָלק פון די ביז איצטיקע עמפינ־דונגען, האָט ער גערימט די מענטשן, וואָס האָבן „באַפרייט" פראַנק־רייך פון די פראַנצויזן. איך ווייס נישט, וואָס אַן אמת, וועגן דעם בעסערן גורל פונעם אוראַלער לערער, עס איז אָבער זייער וואַר־שיינלעך, אַז ער האָט זיך געשלאָגן הינטער סטאַלינגראַד און מיטן אייגענעם בלוט אויסגעקויפט די רעטונג פון דער קולטור, דעם באַ־וווסטזיין און דער מענטשלעכקייט.

איך האָב דערמאָנט דעם דאָזיקן שטרייט דערפאַר, ווייל ער דויערט ווייטער. הגם אונדזערע „פריינד" באַהאַלטן גערן זייערע נידערטרעכטיקע פּלענער אונטערן מענטעלע פון הויכקלינגענדיקער פראַזעאָלאָגיע, ווייזן זיי זיך אַרויס אין דער ווירקלעכקייט פאַר די וועלביקע אָפּלייקענער, שונאים פון דער קולטור און דעם לעבן, ווי דרי-לאַ-ראָשעל.

דרײַ־לאַ־ראַשעל איז אין אַנבליק פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע פֿון דריטן רײַך באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, בעת די, וואָס האָבן זיך מיט אים סאָלידאַריזירט, לעבן זיך ווײַטער ביים בעסטן געזונט, ווײַל זיי האָבן זייער גורל פֿאַרבונדן נישט מיט איינעם פֿון די מינים פֿון רעאַקציע, נאָר מיט דער רעאַקציע גופֿא. זיי דאַרפֿן זיך נישט נעמען דאָס לעבן — ס'איז גענוג געווען זיי זאָלן זיך דערלויבן אויף עטלעכע נייע טערמינען.

איך מיין, אַז ס'איז איינע פֿון די גרעסטע אויפֿגאַבן פֿון דער פֿאָרגעשריטענער אינטעליגענץ צו דעמאַסקירן די דאָזיקע מענטשן, וואָס גרייטנדיק זיך צו אַ באַרבאַרישער מלחמה, רעדן זיי וועגן דער פֿאַרטיידיקונג פֿון דער „מערב־קולטור".

ס'וועט גענוג זײַן זיך צוצוקוקן מיט וועמען די דאָזיקע הערן ווילן פֿאַרטיידיקן די מערב־קולטור, בכדי צו דערקענען זייערע אמתע כוונות. זיי ווילן פֿאַרטיידיקן די מערב־קולטור געמיינזאַם מיטן גענעראַל פֿראַנקאָ, מיט די תּלינים, וואָס פֿאַרגיסן מיט בלוט גריכנלאַנד, מיט די היטלער־לייט פֿונעם רור־געביט, מיט די איטאַליענישע נעאָ־פֿאַשיסטן, וואָס האָבן אויפֿגעהויבן די האַנט אויף טאָליאַטין, מיט די מענטשן, וואָס זעצן אין די תּפֿיסות די אַמעריקאַנישע שרײַבער, מיט די הענדלער פֿון שקלאַפֿן פֿון אַלאַבאַמאַ, מיט די אָנהענגער פֿון לינטש אין מיסיסיפּי, מיט די ווילדע פֿון טענעסע, וואָס ווילן די עוואָלוציע־טעאָריע פֿאַרטרעטן מיט אדמס ריפּ, מיט די איבערגעפֿאַרבטע פֿעטענאָווצעס, מיט די יעזואיטן, מיט די טערקישע יאַנטשאַרן, מיט די אוואַנטוריסטן פֿון טיפּ גלוב־פּאַשאַ, מיט די פּאָגראָמשטשיקעס פֿון וויעטנאַם און אינדאָנעזיע, מיטן ערשטן בעסטן געסטאַפּאָניק, וואָס האָט צו דער געהעריקער צײַט פֿאַרשטאַנען די הערקײַט, אויב נישט פֿון דער „מערב־קולטור" איז פֿון דער מערב־וואַלוטע.

די דאָזיקע הערן פֿאַרזיכערן, אַז מע דאַרף ראַטעווען די מערב־קולטור פֿאַר די אָנגריפֿן פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד. טייל זענען גערן צו רעדן וועגן דער פֿאַרטיידיקונג פֿון דער אייראָפּעישער קולטור, און די סאַמע אייפֿעריקסטע ווידער האָבן זיך אויסגעטראַכט אַן אַטלאַנטישע קולטור.

לאָמיר אַ שמועס טאָן וועגן איר. דאָס איז אַ גענוג עלאַסטישע דעפֿיניציע. אונטער דער פֿאָרמול „אַטלאַנטישע קולטור" פֿאַרשטייען אירע אַנטדעקער די קולטור פֿון אַמעריקע און פֿון יענע אייראָפּעישע לענדער, וואָס ליגן ביים אַטלאַנטיק (וואָס אַן אמת, היטן זיי נישט

צו שטאַרק אָפּ די דאָזיקע פאָרמול, ווייל זיי רעכענען דאָ גערן אַריין איטאַליע, וואָס ליגט ביים מיטללענדישן ים, מערב-דייטשלאַנד מיטן אויסקוק אויפן רהיין, גריכנלאַנד, און צייטנווייז אויך דאָס אַזיאַטישע טערקיי). מיט וואָס דריקט זיך אויס די איינזיקייט פון דער קולטור פון פּאַריז און דעטראָיט? צי דערמיט, וואָס די באַפעלקערונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן רעקרוטירט זיך דער עיקר פון די איינגעוואַנדערטע פון די לענדער פון מערב-אייראָפּע? אויב יאָ — וואָלט מען געדאַרפט צורעכענען צו דער אַטלאַנטישער קולטור די אויסטראַליער ווי אויך די שקלאַפן-פּייניקער פון דרום-אַפריקע. צי דריקט זיך אויס די דאָזיקע איינזיקייט אין דער ענלעכקייט פון די לעבנס-באַדינגונגען, געוווינהייטן, געשמאַקן און באַגריפן? ווייסט דאָך יעדערער, וואָס איז געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז דאָס איז אַ גאַנץ באַזונדערע וועלט, אַז אַ פראַנצויז וואָלט לייכטער געווען צו פאַרשטיין אַן איינוווינער פון פּראַג צי וואַרשע, איידער אַ מענטשן פון טשיקאַגאָ אָדער דזשעקסאָן. די אַמעריקאַנישע ביכער און פילמען (איך האָב אין זינען די גוטע ביכער און אַמעריקאַנישע פילמען, און נישט די מאַקולאַטור, מיט וועלכער ס'איז פאַרוואָרפן אייראָפּע) וואַרפן זיך אין אויג מיט זייער טיפער אַנדערשקייט אין פאַרגלייך מיט די ענגלישע ביכער אָדער פראַנצויזישע פילמען. איך נעגיר נישט, פאַרשטייט זיך, אַז עס עקזיסטירן פעדעם, וואָס פאַרבינדן די פראַנצויזישע און אַמעריקאַנישע קולטור, אָבער צי זענען נישטאָ פאַראַן אַזעלכע פאַרבינדונגס-פעדעם אויך צווישן דער פראַנצויזישער און רוסישער קולטור — צי נישט קיין שטאַרקערע?

לאָמיר איבערגיין צו דער צווייטער דעפיניציע: „אייראָפּעישע קולטור". זי באַווייזט דאָס אַבסאָלוטע גרינגשעצן די געשיכטע און געאָגראַפיע, ווייל מאָסקווע קאָן מען באַטראַכטן פאַר דער הויפּט-שטאָט פון אייראָפּע מיטן זעלבן דערפאָלג ווי פּאַריז, און שוין אויף זיכער נישט וואַשינגטאָן.

איך וועל זיך לענגער אָפּשטעלן אויפן אַממערסטן פאַרשפּרייטן טערמין — מערב-קולטור. צי קאָן מען זי אַנטקעגנשטעלן דער רוסישער, ווי — לאָמיר זאָגן — דער „מזרחדיקער". היסטאָריש גענומען, איז עס אַן אַבסורד, עס איז אַ לעבעדיקע און אָרגאַנישע געמיינשאַפטלעכקייט.

פון די עלטסטע צייטן אָן האָט דאָס פּראָגרעסיווע רוסלאַנד באַגייסטערט דאָס פּראָגרעסיווע פראַנקרייך, פּוילן צי איטאַליע, איז געווען אַ קוואַל פון ענטוזיאַזם, אויפברויזן און אידעען. איך

בין אבסאָלוט נישט געגייגט צו נעגירן די גרויסע קולטור־אוצרות, וואָס ס'האָבן געשאַפן די פעלקער פון מערב־איידאָפּע. איך וועל אָבער פרעגן די פאַרטיידיקער פון דער מערב־קולטור, ווי וואָלט אויסגעזען די ליטעראַטור פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, צי די פאַראייניקטע שטאַטן, ווען אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט וואָלט זיך נישט באַוויזן די קלאַסישע רוסישע דערציילונג? ווען ס'וואָלט נישט געווען טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי, טורגעניעוו און טשעכאָוו?

און די מוזיק? צי קאָן מען זיך פאָרשטעלן די געשיכטע פון דער מוזיק אין מערב, פאַרשווייגנדיק די נעמען פון טשייקאָווסקין און מוסאָרגסקין? אַלעמען איז באַוווסט, אַז די וואָרצלען פון דער רוסישער קולטור, אַזוי גלייך ווי פון דער קולטור פון יעדן פון די איירפּעישע פעלקער, שטעקט אין דעם העלענישן באָדן. און צי איז ביזאַנץ געווען אַן ערגערער וועגווייזער איידער רוים? קאָן מען דאָך אַנדריי רובלאָוון צוגלייך מיט גיאָטין רעכנען פאַר די גרעסטע פאָרשטייער פון דעם פרייען רענעסאַנס. מע וואָלט געקאָנט מערן די צאָל ביישפּילן. אָנרופנדיק כאָטש איין הערצענען, וואָס האָט ביי זיין פאַרווילן אין לאָנדאָן געזאַמלט אַרום זיך די פּראָגרעסיווע פערזענלעכקייטן פון מערב, אָדער טשערנישעווסקין, וואָלט מען זיך געקאָנט דערמאָנען וועגן דער ראָל פון דער רוסישער וויסנשאַפט. מיר דוכט זיך אָבער, אַז דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט, איז גענוג צו דעמאַסקירן די היפּאָקריטן און עם־הארצים, וואָס וואָלטן וועלן פאָרשטעלן די רוסישע קולטור ווי אַ פּרעמדע, אָדער גאָר ווי אַ פיינטלעכע דער קולטור פון די מערב־פעלקער.

עס קאָן זיין, אַז דאָס אונטערשיידן די אַזוי גערופענע מערב־קולטור פון אונדזערער דאַרף זיך באַציען נישט צום צאַרישן רוסלאַנד, נאָר צום סאָוועטישן, פאָלקישן. אָבער ווער איז געווען דער פריינד פון ראָמען ראָלאַן, דעם לערער פון פיל מערב־איירפּעישע און אַמעריקאַנישע שרייבער, אויב נישט מאַקסים גאָרקי? די יונגע סאָוועטישע ליטעראַטור האָט אַ סך זאַכן אויסגעלערנט די שרייבער פון פיל לענדער — קודם־כל דעם נייעם צוגאַנג פונעם מענטשן צו אַרבעט, צו שאַפונג. פּאָעזיע לאָזט זיך נישט איבערזעצן, און דאָך איז מאַיאַקאָווסקי מיט זיינע גרויסע שפּרייזן אַרומגעגאַנגען די גאַנצע וועלט, און ס'איז היינט נישטאָ קיין אמתער דיכטער, צי דאָס זאָל זיין אַראַגאָן, צי פּאַבלאָ נערודאַ, טובים, צי נעזוואַל, וואָס וואָלטן נישט געשעפּט קיין באַגייסטערונג פון דעם פּאָעטישן ווענ

און פון דעם לעבנס־וועג פון דעם דאָזיקן גרויסן רוסישן פּאָעט. צי
דאַרף מען דערמאָנען דעם רעים, וואָס האָט דורכגעמאַכט איבער
דער גאַנצער וועלט דער „פּאַנצער־קרייצער פּאָטיאָמקין"? נאָך דער
מלחמה זענען אייראָפּע און אַמעריקע געווען איבערראַשט פון דעם
אומדערוואַרטעטן אויפבלי פון דער איטאַליענישער קינעמאַטאָגראַ־
פיע. אָבער ווער נאָר ס'האָט געזען „רוים — די אָפענע שטאָט",
אָדער „סציסיע", דער ווייסט, אַז עס וואָלטן נישט געווען די דאָזיקע
בילדער, ווען עס וואָלטן זיי נישט פאַרויסגעגאַנגען די אַרבעטן פון
די שעפער פון דער סאָוויעטישער קינעמאַטאָגראַפיע: אייזנשטיין,
פודאָווקין, דאָבזשענקאָ.

דאָס איז בלויז אַ קליינער פּרט. וויפל מאָל אַ ביינוויל־פּלאַנטאַ־
טאָר פון מיסיסיפּי, אָדער אַ וואַטיקאַנישער יעזואיט פּרובירט אָפּצו־
טיילן די „מערב־קולטור" פון ראַטנפאַרבאַנד, באַדייט דאָס דעם
ווילן אָפּצוטיילן די אייגענע שקלאַפן און אַרעסטאַנטן פון אַ קאָנ־
טאַקט מיט אַ וועלכער ס'איז קולטור — דער אַמעריקאַנישער,
איטאַליענישער, צי פראַנצויזישער.

יאָ. די רעאַקציאָנערן באַמיען זיך אָפּצוטיילן די „מערב־קול־
טור" נישט נאָר פון אונדז, נאָר אויך פון די אייגענע פעלקער, פון
די פּראָגרעסיווע גייסטער פון די אייגענע לענדער. דאָס בילד, וואָס
מיר זעען איז דורכויס עקזאָטיש: די פראַנצויזישע אויפלאַגעס פון
די אַמעריקאַנער צייטונגען באַמיען זיך צו שיצן די „מערב־קול־
טור" פאַר אַראַגאָנען און עלואַרן, זשאָליאָ־קיורין און פּיקאַסאָן, דער
בלום פון דער פראַנצויזישער אינטעליגענץ. דער אָבסקוראַנט טאָ־
מאַס, סענאַטאָר פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פאַרטיידיקט די מערב־
קולטור פאַר טשאַפּלינען, פאַסטן, מאַלצן, ראָבסאָנען. ס'איז גענוג
געווען, אַז מיקאָלייטשיק זאָל זיך אַריבערציען קיין אַמעריקע, און
שוין איז פוילן אין די אויגן פון די פאַרטיידיקער פון דער „מערב־
קולטור" אומדערוואַרטעט געוואָרן דער ווייטער מזרח. דער פּראַגער
אוניווערזיטעט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין עפּעס באַזונדערס אַזיאַ־
טישעס מיטן מאָמענט, ווען דאָס טשעכאָסלאָוואַקישע פאָלק האָט
ליקווידירט די „מערבדיקע" טעטיקייט פון עטלעכע דיווערסאַנטן.

ווען די אימפּעריאַליסטן באַנוצן די ווערטער „מערבדיק", האָבן
זיי אין זינען די וועלט פונעם דאָלאַר און דער פאַרמלחמהדיקער
היסטעריע, פון אומבאַגרענעצטע רווחים און שקלאַפישער אַרבעט.
אַלץ, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן זייערע פּלענער, ווערט דערקלערט
פאַר אַזעלכן, וואָס באַדראָט די „מערב־קולטור". ווען מע לייענט

זייערע צייטונגען, דוכט זיך אויס, אַז אין פראַנקרייך האָבן גע־
זוינט קוים עטלעכע מערב־אייראָפּעער, ווי למשל פּאָל ריינאָ, גענ.
דע גאָל, זשול ראָמען, מאָנטערלאַנד, און אויסער דעם — 15 מיליאָן
„מזרחדיקע" פראַנצויזן, מיט די גרעסטע געלערנטע, שרייבער און
אַרטיסטן, וועלכע האָבן זיך עפּעס אויף אַן אומפאַרשטענדלעכן
אופן אריינגעגנבעט אין דאָזיקן לאַנד.

מיר מוזן דעמאַסקירן די צביעות פון די דאָזיקע אינטעליגענטן,
וועלכע דינען דעם דאָלאַר און פאַרהילן — וועלכע מיט מירדע, און
וועלכע מיט אַ מער פּאַטעטישן ווייווינ דאָס האַוועניש פון די פאַר־
שידענע „אַטאָם־לייט". מיר מוזן זאָגן אַלע ערלעכע אינטעליגענטן
פון דער וועלט, אַז אין קאַמף צווישן ליכט און פינצטערקייט, צווישן
וויסן און בלינדקייט, צווישן פעלקער־ברידערלעכקייט און מלחמה
איז נישטאָ און ס'קאָן נישט זיין קיין נייטראַלקייט. דער קולטור
דראָט באמת אַ געפאַר, אָבער נישט דער מזרחדיקער קולטור, צי
דער מערבדיקער, נאָר דער מענטשלעכער קולטור אין אַלגעמיין. די
געפאַר קומט נעמלעך פון דער זייט פון יענע, וועלכע רעדן וועגן
ראַטעווען די מערב־קולטור. און אויך די מוזעס מוזן רעדן אייפן
העכסטן קול, בכדי עס זאָלן נישט קיין רעד טאָן די האַרמאַטן.

בראש פון דער אָבסקוראַנטישער אַגרעסיע שטייען די היינטיקע
מאַכט־האָבער פון די פאַראייניקטע שטאַטן. זייער אַקציע איז פאַר־
ליכטערט צוליב דער יונגקייט פון דער געשיכטע פון יענעם לאַנד,
דער היפּערטראָפיע פון דער טעכניק — אָן אַ גלייכצייטיקער האַר־
מאָנישער אַנטוויקלונג פונעם מענטש — צוליב די ראַסיסטישע
טראַדיציעס, דעם גייסטיקן איזאָלאַציאָניזם און, חוץ דעם, צוליבן
נישט קאָנען און נישט פאַרשטיין די אַנדערע וועלט. די באַרבאַרי
אויף יענער זייט אָקעאַן האַלט אָפּ יעדן טאָג נייע נצחונות. איך מיין,
אַז די אַזוי גערופענע קאָמיסיע צו פאַרשן די אַנטי־אַמעריקאַנישע
טעטיקייט אונטערשיידעט זיך נישט קיין סך פון געבעלסעס אַמטן.
ס'וועט געגוג זיין צו דערמאָנען, ווי אַזוי דער פאָרזיצער פון דער
קאָמיסיע האָט ערנסט איבערגעפרעגט, צי דער דראַמאַטורג מאַרלאָ
איז נישט קיין קאָמוניסט. זאָל די אַלטע אייראָפּע זיך אויפמערקזאַם
צוקוקן צום סענאַטאָר טאָמאַס, דעם געזעצגעבער מונדט, די מענטשן,
וואָס גיבן זיך אָן פאַר פאַרטיידיקער פון דער „מערב־קולטור" און
וועלכע שטויסן אַראָפּ אין זייער שנעלע טעמפּן זייער אייגן לאַנד
אין תהום פון דעספּאָטיזם און פינצטערקייט.

באמת, דער קולטור פון פיל אייראָפּעישע לענדער דראָט די נעפּאָר פון אַ נייעם איבערפּאַל מצד די באַרבאַרן. איך בין ווייט פון יעטוועדן שאָוויניזם, איך ווייס, אַז אין אַמעריקע זענען פאַראַן פיל גוטע, ווערטפולע מענטשן — באַרימטע געלערנטע, שרייבער און אַרכיטעקטן. אָבער מיט אַן אָנגריף אויף אייראָפּע פעדערן יך נישט זיי, נאָר די ערגסטע פאַרשטייער פון דער אַמעריקאַנער אינ־טעליגענץ. מע קאָן שאַנעווען די גייסטיקע ווערטן פון אַמעריקע, אָפּוואַרפנדיק די ווילדקייט פון די פּלאַנטאַטאָרן פון דרום, די גייס־טיקע אָרעמקייט פון מר. באַביט, דעם קולט פון דאָלאַר, די ראַסן־שנאה.

די יאַנקים באַהערשן די לענדער פון מערב־אייראָפּע, אָבער זיי ברענגען מיט זיך נישט די איינשטיינס, פאָולקנערס, טשאַפּלינס, נאָר די סטאַנדאַרטנע קרימינעלע דערציילונגען, די גענגסטער־פיל־מען, מיט איין וואָרט, עפּעס אַ מין אָפּיום. זיי ווילן פאַרשלעפּערן איי־ראָפּע, כדי זי לייכטער צו באַהערשן. דאָס איז אַן אַטענטאַט אויף די רעכט פון די פעלקער, אויף זייער אייגנאַרט און פאַרשידנאַרטיקייט.

איך האָב געזאָגט, אַז מע קאָן נישט ליב האָבן די פאַרגאַנגענ־הייט, נישט ליבנדיק די צוקונפט. איך וועל זאָגן מער, אַז מע קאָן נישט ליב האָבן דאָס אייגענע פאָלק, אויב מע האָט נישט ליב אַנ־דערע פעלקער, און מע קאָן נישט פאַרשטיין אַנדערע פעלקער, אויב מע האָט נישט ליב דאָס אייגענע.

די אַמעריקאַנער שטרעבן צו פאַרניכטן די קולטור־פיזיאָנאָמיע פון די פעלקער, וואָס זענען זיי געוואָרן אונטערטעניק. די אומגע־בעטענע אַפּוטראָפּסים באַמיען זיך צו דערציען פּאַריז, לאָנדאָן און רוים. וואָס פאַראַ שרעקלעך בילד! דער הער ווײַלט זיך, איז אַ נאַ־ציאָנאַליסט און פאַררעכנט זיך צו דער העכערער ראַסע, בלויז זיך אַליין. זיינע לאָקייען, וואָס האָבן ביז נישט לאַנג צוריק זיך באַ־טראַכט פאַר די „אינטעגראַלע נאַציאָנאַליסטן", זענען אַוועק אין דינסט צום קאָסמאָפּאָליטיזם, און אָנערקענענדיק איבער זיך בלויז איין האַר — שלעפּן זיי פון איין בייטל. אויך „די פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע", וועגן וועלכע עס טומלט זיך לעצטנס אַזוי, זענען נישט קיין פאַראייניקונג פון פעלקער, נאָר אַ פּראָפּעסיאָנע־לער פאַריין פון הויף־לייט, עקאָנאָמען און דינער, אַ געצוווּנגענע סאָ־לידאַריטעט פון משרתים. דעם נאַציאָנאַליסטיש־קאָסמאָפּאָליטישן טשאַד מוזן מיר אַנטקעגנשטעלן אונדזער פּאַטריאָטיזם און אונדזער אינטערנאַציאָנאַליזם.

יעדער מענטש, וואָס קען דאָס קולטור־לעבן פון ראַטנפאַרבאַנד, ווייסט, ווי שטאַרק פאַרשידנפאַרביק עס איז. די אידעע פון ברי־דערלעכקייט פאַרווישט נישט די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן פון די באַזונדערע מיטגלידער פון דער דאָזיקער גרויסער פעלקער־משפחה. מיר האָבן אַ טיפן דרך־ארץ פאַרן געני פון פרעמדע פעלקער. אונדז זענען באַקאַנט די אָריגינאַליטעט, דער ראָמאַנטיזם, דער ריטער־לעכער גייסט און פרויאישער חן, וואָס כאַראַקטעריזירן די פוילישע קונסט פון מיצקעוויטשן, סלאָוואַצקין, שאָפּענען. מיר זענען צופרידן, וואָס מיר פאַרשטייען זיך מיט די פּאָליאַקן און עס געפעלט אונדז זייער משפחה, די פוילישע קולטור. דאָס זעלביקע וואָלט איך געקאָנט זאָגן אויך וועגן אַנדערע פעלקער. די עקזיסטענץ פון זשיל מאַקן קאָן אונדז דאָך נישט לאָזן פאַרגעסן דעם געני פונעם פראַנצויזישן פאָלק, דאָס פראַנקרייך פון רימבאָ, באַרבעט, פאַסטער און זאָלאַ. דער טריומף פון די פאַרעטערישע טאָמאַשעס וועט נישט פאַרדעקן פאַר אונדזערע אויגן די אַרבעטזאַמקייט, די פעיקייטן און דאָס גוטסקייט פון דעם אַמעריקאַנישן פאָלק. „שלום די פעל־קער" — אונטער דעם לאָזונג איז געבוירן געוואָרן אונדזער רעפּוב־ליק; „שלום די פעלקער" — דאָס איז דער אויסרוף פון אונדזערע מענטשן, וואָס האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט הינטער סטאַלינגראַד. זאָל מיר דערלויבט זיין איצט זיך צו ווענדן צו אייך — ווייטע און נאָענטע, געלערנטע און אַרטיסטן, וואָס איר זייט אַריבערגעקומען דורך ווייטע ימים און פּאָליציייִשע ראָגאַטקעס, בכדי צו דערפילן די פליכט פון געוויסן — מיט די פשוטע ווערטער: „שלום די פעל־קער"!

אונטער פאַרטיידיקונג פון קולטור פאַרשטיי איך די פאַרטיי־דיקונג פון איר נאַציאָנאַלער פיזיאָנאָמיע. איר אומאָפּהענגיקייט, איר פרייע אַנטוויקלונג. שוין 30 יאָר וואַרפט מען אונדז פאָר דאָס אַריינמישן זיך אין פרעמדע ענינים. ס'האָט וועגן דעם גערעדט אפילו היטלער, וואָס האָט פאַרכאַפּט אַ טוץ פרעמדע פעלקער. איצט חזרן דאָס איבער נייע איבערפאַלער, די אַמאַטאָרן פון סטראַ־טעגישע באַזעס, וועלכע אָרגאַניזירן נייע אייראָפּעישע רעגירונגען פון דער ווייטנס.

מיר אָבער זענען זייער ווייט פון צו וועלן אָנוואַרפן אַנדערע פעלקער אונדזערע אָרדענונגען, מנהגים און קולטור.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך געשריבן, אַז דאָס באַשול־דיקן אונדז אין אַריינמישן זיך אין פרעמדע ענינים איז פונקט אַזוי

זינלאָז, ווי דאָס באַשולדיקן דעם גאָלפֿשטראָם אין אַריינמישן זיך אינעם ווירטשאַפֿטלעכן לעבן פֿון דענעמאַרק צי נאָרוועגן. די זאַך איז פּשוט, די ים־שטראָמען ענדערן דעם קלימאַט פֿון פֿיל לענדער, דאָס אָרט פֿון ווילד־גראָז פֿאַרנעמען רויזן און פּאָמידאָרן, אָבער קיינעם קומט נישט אויפֿן געדאַנק צו זאָגן, אַז דער גאָלפֿשטראָם מישט זיך אַריין אין די ענינים פֿון סקאַנדינאַוויע. אונדזער עקזיס־טענץ האָט געענדערט דעם קלימאַט פֿון דער וועלט. אונדזער קולטור אַנטוויקלונג קאָן נישט נישט ווירקן אויפֿן לעבן פֿון אַנדערע, אַפֿילו אויף די סאַמע ווייטסטע פֿעלקער. און אויב אין פֿראַנקרייך צי אין איטאַליע שטימט אַ דריט חלק פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿאַר די קאָמו־ניסטן, איז עס נישט דערפֿאַר, ווייל מיר שרעקן זיי אָדער קויפֿן זיי איבער, ווי עס טוען אַנדערע, נאָר דערפֿאַר, ווייל היינט איז שווער צו באַהאַלטן אַפֿילו פֿאַר אַנאַלפֿאַבעטן, וואָס דאָס איז סטאַלינגראַד און ווער ס'איז סטאַלין.

מע קאָן מיר שטעלן אַ פֿראַגע, פֿאַרוואָס, רעדנדיק וועגן דער פֿאַרטיידיקונג פֿון דער קולטור, שטעל איך נישט אַנטקעגן די סאָ־ציאַליסטישע קולטור דער בורזשואַזער קולטור. איך מיין, אַז אין יאָר 1948 קאָן מען נישט רעדן וועגן אַ בורזשואַזער קולטור, זי עקזיסטירט שוין נישט; היינט זעען מיר נאָר בורזשואַזן באַרבאַריזם. דער באַרבאַריזם קאָן האָבן אַ היפּש פֿאַרמעגן פֿון עלעקטרישע אייז־קאַמערן און פּאָרנאָגראַפֿישע קאָמעדיעס, אויטאָס און סטערעאָסקאָ־פּישע פֿילמען, לאַבאָראַטאָריעס און פּסיכאָלאָגישע דערציילונגען, און דאָך בלייבט עס אַלץ באַרבאַריזם. די בורזשואַזיע האָט אין זיינער צייט געשאַפֿן גרויסע ווערטן. ס'איז אונדז טייער פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט אַלץ, וואָס איז ווערטפֿול, און ס'זענען אונדז אויך טייער די געלערנטע, שרייבער און אַרטיסטן, וועלכע זענען אַרויס־געקומען פֿון דריטן שטאַנד. אָבער באַלזאַק האָט געשריבן וועגן דער שעפֿערישער תקופֿה פֿון קאַפּיטאַליזם. איצט פֿאַרניכטעט ער, דער קאַפּיטאַליזם, און היינט קאָן ער נישט אַרויסגעבן קיין נייעם באַל־זאַק.

דער בורזשואַזער פֿאַרווילדונג, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אונדזער עפּאָכע, שטעל איך אַנטקעגן די סאָציאַליסטישע קול־טור. די גרענעצן גייען אַדורך נישט אין שטח, נאָר אין צייט — פֿון איין זייט די נייע געזעלשאַפֿט, וואָס האָט איבערגענומען די גאַנצע קולטור־ירושה פֿון דער מענטשהייט, פֿון דער צווייטער — דער אָפּ־געלעבטער קלאַס, וואָס זיין עקזיסטענץ האַלט מען אויף נישט מיט

פלעשער זויער-שטאָף, נאָר מיט דער שטיקנדיקער אַטמאָספער פון טעראָר, מלחמות און געוואַלד. אַלץ, וואָס איז לעבעדיק און וועלט-פול, שאַפן היינט אויף מערב די מענטשן, וואָס זענען נאָענט צום פאָלק.

עמעצער האָט אונדז געמאַכט פאָרווורפן, אַז מיר רופן אָן גרויסע יענע שרייבער און אַרטיסטן, וואָס זענען אונדזערע אָנהענגער. די זאַך שטעלט זיך פאָר אַנדערש: נישט דערפאַר זענען זיי גרויס, ווייל זיי געהערן צו אונדז, נאָר דערפאַר געהערן זיי צו אונדז, ווייל זיי זענען גרויס. ווערן דאָך אַפילו די אַממערסטן טאַלענטירטע מענטשן אויסגעוועבט מיטן מאָמענט, ווען זיי פאַרלירן דאָס געפיל פון פאַרבונדנקייט מיט דער אייגענער עפּאָכע. ביים עק פון דער געשיכטע קאָן מען טרעפן פלאַגיאַטאָרן, סיבאַריטן און געשעפט-מאַכער, אָבער בשום אופן נישט קיין געניאַלע מענטשן.

מיר ווייסן, אַז עס האָבן זיך דאָ צונויפגעזאַמלט מענטשן פון פאַרשידענע איבערצייגונגען. דאָס, וואָס איך טראַכט, האָב איך אַרויסגעזאָגט אויף אַ פשוטן אופן, אָבער מיר זוכן נישט קיין שטרייטן. מיר ווילן נישט אונטערשטרייכן דאָס, וואָס טיילט אונדז פאַנאַנדער, פאַרקערט, מיר זוכן דאָס, וואָס קאָן אונדז פאַראייניקן. נישט נעמענדיק אין באַטראַכט די מעגלעכע פילאָזאָפישע, אָדער עסטעטישע קאָנצעפּציעס פון די, אָדער אַנדערע אָנטיילנעמער פון אונדזער קאָנגרעס, האָט אַלעמען זיי דאָ אַהערגעבראַכט דער איידעלער ווילן צו פאַרטיידיקן דעם שלום און די קולטור. הייסט עס, אַז אויך זיי — פונקט ווי איך — גלייבן אין דער צוקונפט, הייסט עס, אַז אויך זיי — פונקט ווי איך — האַסן יענע געמיינע לייט, וועלכע ווילן פאַרהאַלטן דעם לויף פון דער צייט.

מיט צוויי יאָר צוריק האָב איך געהערט אין פאַריז, ווי אַ געוויסע מידינעטקע האָט זיך באַקלאָגט: „די אַמעריקאַנער וואַרפן אַרויף די שולד אויף רוסלאַנד, די רוסן אויף די אַמעריקאַנער, און אונדז האָט מען פאַרקלענערט די ברויט-פאָרציע". די מידינעטקע האָט זיךווירקלעך נישט אָריענטירט אין דער לאַגע, אָבער עס זענען פאַראַן פיל אינטעליגענטן, וואָס מאַכן דעם אָנשטעל פון גלייכגילטיקע, און אין דער אמתן זוכן זיי אַ וועלכן ס'איז „קאָמפּראָמיס" צווישן גירוקייט און אַרבעט, צווישן די, וועלכע בויען אויף חרובע שטעט, און די, וועלכע ווילן זיי פאַרניכטן מיט דער הילף פון דער אַטאָם-באָמבע. באַדענקט זיך, צי קאָן וועלן אַ מלחמה אונדזער פאָלק, וואָס האָט געליטן אַזעלכע שרעקלעכע קרבנות בעת דער

מלחמה פאַר דער פרייהייט פון אייראָפּע. בעת מיין לאַנצער רייזע פון מאָסקווע קיין ווראָצלאַוו האָב איך נישט געטראָפן קיין איין שטאָט, וואָס איז נישט צעשטערט געוועזן דורך די פאַשיסטן. נישט קיין סך זענען פאַראַן אין מיין פאָטערלאַנד משפחות, וואָס פאַרזאַמלענדיק זיך אין אַ יום־טוב־טאָג ביים טיש, זאָלן זיי נישט אָפּפילן, אַז סע פעלט זיי עמעצער פון די נאָענטסטע. מיר האָבן נישט געפירט קיין מלחמה מיט וועלטער, מיר האָבן זיך געשלאָגן פאַרן שלום און דעריבער שעצן מיר זייער הויך דעם דעראָבערטן שלום, וועלכער דערמעגלעכט אונדז אויפצובויען שטעט, דערציען קינדער און פלאַנצן סעדער.

איך האָב געזאָגט, אַז איך גלייב אין דעם נצחון פונעם סאָציאַליזם. אָבער טאַקע דערפאַר, ווייל מיר גלייבן אין דעם טריומף פון אונדזער אידעע, ווילן מיר שלום. ווער־זשע וויל מלחמה? קלאָר, אַז נישט דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק, נאָר די אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטישע רעקינען ווילן מלחמה טאַקע דערפאַר, ווייל אויך זיי גלייבן אינעם נצחון פונעם סאָציאַליזם און טרוימען נאָר ווי צו ענדערן דעם גאַנג פון דער געשיכטע, אָפּצובאַדן די צוקונפט אין בלוט. זיי שרייען הויך, אַז זיי האָבן מורא פאַר אונדזערע טאַנקן, אין דער אמתן כאַפּט זיי אַרום אַ פּחד פאַר אונדזערע טראַקטאָרן, אונדזערע טעפּלעך און שיכלעך, אונדזערע ביכער און אונדזער צוקונפט.

מיט צוויי יאָר צוריק בין איך געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. איך האָב געזען אַ רייך לאַנד אָן חורבות און אָן טרויער. אָבער די רו פון דעם לאַנד איז געווען אַן אויסערלעכע — יעדער מענטש, מיט וועמען איך האָב געשמועסט, האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דער נישט־ווייטער מלחמה. די שאַנטאַזשיסטן האָבן אונדז געוואָלט אָנשרעקן, אָנגעשרעקט האָבן זיי דאָס אייגענע פאָלק. מיר רעדן אָפּט וועגן מלחמה, אָבער נישט אין דער צוקונפטיקער צייט, נאָר אין דער פאַרגאַנגענער — מיר דערמאָנען זיך דעם שווערסטן פּעריאָד — דאָס יאָר 1941. ס'איז אויף אונדז אָנגעפאַלן דער שונא, אָנגעפאַלן פּלוצעם, האָבנדיק אַן איבערוואָג אין צאָל טאַנקן און עראָפּלאַנען. מיר האָבן זיך דעמלט געהאַלטן פעסט און געזיגט. דער באַוווסטזיין וועגן דעם מאָראַלישן און גייסטיקן כוח פון אונדזערע מענטשן — דאָס איז אונדזער גלויבן, דאָס איז אונדזער פאַנצער. מיר האָבן געשטעלט אויפן מענטשן, און דער מענטש האָט אונדז פאַרטיידיקט.

פריינד, מיר האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט אין אַן אומזיכערער צייט. אַ נעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן אַטלאַנטיק. און די חורבות, וואָס זעען זיך פון די פענצטער, דערמאָנען אונדז, וואָס עס איז אַזוינס מלחמה. מיר זענען געקומען אין אַ שטאָט, וואָס אָטעמט מיט אַ נײַ לעבן, און, באַפרייט דורך דער העראָישער אָנשטרענגונג פון סאָוויעטישן און פּוילישן זעלנער, איז זי אויפגעלעבט דורך דער מי פון די אַרבעטס־מענטשן. נאָך מיט פינף יאָר צוריק האָבן אונ־טערן דענקמאָל פון קלויזעוויצן חוצפּהדיק געשפּאַצירט זײַנע גע־ראָטענע שילער, בעת ווען אין די פאַבריקן האָבן געהלשט פון איבערגעמאַטערטקייט די שקלאַפן און שקלאַפינס, וואָס זענען צונויפגעיאָגט געוואָרן אַהער פון אַלע עקן אייראָפּע. היינט האָבן זיך דאָ צונויפגעזאַמלט וויסנשאַפטלער, שרײַבער, אַרטיסטן און פירנדיקע פּראָגרעסיווע מענטשן פון די פאַרשידנסטע לענדער, וועלכע באַראַטן זיך וועגן די וויכטיקסטע און וועזנטלעכסטע פּראָב־לעמען — וועגן דעם, ווי אַזוי צו פאַרהיטן דאָס קינד, די נאַטור, די פּאָעזיע, פון דעם שטורעם, וואָס קומט אָן פון יענער זייט אָקעאַן.

מ׳האָט דאָ אַזוי פיל גערעדט וועגן שלום — מע דאַרף אים פאַרטיידיקן: מיר קאָנען עס דערגרייכן צוזאַמען מיט אונדזערע פעלקער. פריינד פון אַמעריקע, איר וועט אין קורצן צוריקקומען אַ היים, זאָגט אײַערע מיטבירגער, אַז איר האָט זיך געטראָפן אין דער פּוילישער שטאָט ווראָצלאַוו מיט פאַרשידענע מענטשן. איר האָט זיך אויך געטראָפן מיט די „רויטע" — אַזוי רופט מען אונדז בײַ אײַך. און זאָגט זיי, אַז די דאָזיקע „רויטע" ווילן לחלוטין גאָר־נישט דעראָבערן, אַז זיי פאַרלאַנגען בלויז איינס — דאָס רעכט אויף רואיקער אַרבעט, צו לעבן אויפן אייגענעם שטייגער און צו בויען יענע געזעלשאַפט, פאַר וועלכער זיי לעבן. זאָגט אײַערע מיט־בירגער, אַז אויב מיר האַסן דאָס אַמעריקע פון טאָמאַסן און מונדטן, איז אונדז טײַער דאָס אַמעריקע פון רוזוועלטן, דאָס אַמעריקע פונעם אַמעריקאַנישן פאָלק. ענגלישע פריינד, זאָגט אין ענגלאַנד, אַז מיר געדענקען די העלדישקייט פון לאָנדאָן פאַר דער צייט פון די ווינ־טער־באָמבאַרדירונגען, אַז מיר פאַרלאַנגען נישט די פאַרניכטונג פון דער שיינער ענגלישער קולטור, וועלכע עס ווילן דערשטיקן די פון יענער זייט אָקעאַנישע פּאַרוועניושן. פריינד פון פראַנקרייך, פריינד פון איטאַליע, פריינד פון די זעכצן לענדער, וואָס זענען פאַר־קויפט געוואָרן אין פאַריאָכונג, זאָגט, אַז פאַר אונדז, סאָוויעטישע שרײַבער און וויסנשאַפטלער זענען טײַער אַלע דענקמעלער פון

דער אייראָפּעישער קולטור. מיר באַגערן נאָר איינס — די פּאַרטיי־דיקונג פון דער קולטור, דעם שלום און דער אומאָפּהענגיקייט פון אייערע לענדער. דערציילט, שרייבט ,אַרבעט, רעדט אויף מיטינ־גען, קעמפט, מע טאָר נישט פאַרלירן קיין איין שעה. זאָל אונדזער דאַזיקער צוזאַמענטרעף צווישן מלחמה־רואינען ווערן דער אָנהייב פון אַ נייער עפּאָכע. אָן זאַלץ איז אַפילו ברויט קיין ברויט נישט. און איר זייט דאָס זאַלץ, איר זייט דאָס געוויסן, איר זייט די חכמה פונעם פאָלק. איר מוזט שווערן, אַז פון איצט אָן וועט אין ערגעץ נישט אויפהילכן די שטים פון אַ רבילות־טרייבער, אַ העצער, אַ שאַטאַזשיסט, ווייל יעדערער פון אייך וועט אים איבעררייסן מיט ווערטער פון אמת און האָפענונג.

מיר וועלן זיגן אין קאַמף מיט דער פינצטערניש — די פעלקער זענען מיט אונדז, מיט אונדז זענען די גרעסטע פאַרשטייער פון געדאַנק, די בלום פון דער מענטשהייט. איך געדענק ווי מיט צען יאָר צוריק, ווען די פאַשיסטן האָבן אונטעריאָכט שפּאַניע, האָט אַ געוויסער יונגער רעפּובליקאַנער מיר געזאָגט: „מיר וועלן זיגן, ווייל מיט אונדז איז דער מאָרגן". שפּאַניע איז נאָך אין די קייטן, און די דוועררהאַפטיקייט פון די דאַזיקע קייטן היטן אייפעריק אָפּ די כלומרשטע דעמאָקראַטן פון מערב. אָבער יענער זעלנער האָט רעכט געהאַט. זיגן וועלן מיר — מענטשן פון שלום, ברידערלעכקייט און אַרבעט, מיר וועלן זיגן, ווייל מיט אונדז איז דער מאָרגן.

איליאַ ערענבורג

## רעדע

ווי אַ שרייבער וואָלט איך געוואָלט רעדן וועגן ליטעראַטור, וועגן דעם כישוף פונעם וואָרט, וועגן דיכטער, וועגן שרייבער. רעדן וועל איך וועגן עפּעס אַנדערש: וועגן דער געפאַר, וואָס הענגט, ווי אַ שוואַרצע כמאַרע, איבער דער וועלט. איך וועל רעדן וועגן דעם, ווייל די נייע באַרבאַרן באַדראָען אַלץ, וואָס מיר איז טייער: די פאַרגעלבטע, אַלטע דרוק־בלעטער אין די ביכער־זאַמלונגען פון אייראָפּע און דעם קינד, וואָס עפנט צום ערשטן מאָל דעם אלף־בית, פּושקינען און ראָנסאַרדן, און דעם לוווּר, און דעם בוים, פון וועלכן עס שעפּט נחת דער דיכטער, און דעם דיכטער גופא, און די פעדער, און די שטעט פון אונדזער גאַנצער, אַלטער קולטור.

צי קאָן מען איצט רעדן וועגן עפּעס־וואָס אַנדערש? ווען דער ים באַדראָט מיט אויפרייסן די דאַמבעס פון וואַלהערן, און וועקט אויף די מענטשן אין מיטן דער נאַכט, שטויסן זיי אָפּ דעם אָנגריף פון דער סטיכיע. ווען אַ סטאַדע צעווילדעוועטע העלפאַנטן באַדראָט אַ פאַרזייט פעלד אין אינדיע, שטויסן די מענטשן אָפּ דעם אָנגריף פון די העלפאַנטן. ווען אַ שריפה באַדראָט די שטאָט, מאַכן די מענטשן נישט קיין שהיות — זיי לעשן דאָס פייער.

היינט באַדראָען דער מענטשהייט נישט קיין בלינדע סטיכישע כוחות, נישט קיין חיות, נאָר אַ הייפל מענטשן, וועלכע האָבן אין זייערע הענט צייטונגען, ראַדיאָ־סטאַציעס, גאָלד און באַזעס, באָמ־באַרדירער און אַטאָם־באָמבעס. צי קאָן מען איצט רעדן וועגן עפּעס אַנדערש? דער גורל פון די קינדער, דער גורל פון די זאַנגען, דער גורל פון דער קולטור הענגט איצט אָפּ פון איינס: צי וועלן מיר באַוויזן צו פאַרטיידיקן דעם שלום, אָפּשלאָגן דעם אָנגריף פון די נייע באַרבאַרן.

קלאָר, די מענטשן, וועלכע ווילן פּאָנאַנדערצינדן אַ נייע מלחמה, קאָנען שיין רעדן: דאָס זענען נישט קיין צעווילדעוועטע העלפאַנטן, דאָס זענען גענײטע דיפּלאָמאַטן. צוגרייטנדיק זיך צום אָנפאַל, רעדן זיי וועגן שלום. זיי קאָנען אָבער נישט נאָר רעדן, זיי קאָנען זיך אויך אַרויסרעדן. אומדערוואַרטעט זענען זיי זיך מודה, אַז זיי קאָנען וואַרפן אַטאָם־באָמבעס אויף יעדער שטאָט אין דער וועלט, דערביי דערקלערן זיי, אַז זייערע פליער האָבן שוין דורכגעשטודירט די פּלענער פון די סאָוויעטישע שטעט, זיי שווערן, אַז זיי קאָנען מיט פאַרסמטע רעגנס פאַרניכטן די פעלדער פון אייראָפּע.

זיי רעקלאַמירן מיקראָבן פון דזשומע און גיפט־סובסטאַנצן, וועלכע זענען אימשטאַנד אומצוברענגען אַ העלפט פון דער מענטש־הייט. זיי שמועסן אַרום, ווי פּאַריז וועט אויסזען נאָכדעם, ווי אויף פּאַלע־ראָיאַל וועט אַראָפּפאַלן די אַטאָם־באָמבע.

וואָס זשע פאַר אַ ווערט האָבן דאַן זייערע פאַרזיכערונגען וועגן דעם „אויסדריקלעכן פאַרטיידיקונגס־כאַראַקטער" פון זייערע מלח־מה־פאַרשווערונגען? מע קאָן נישט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ צדיקל און שנייצן געריכט די נאָז אויף אַ פייערלעכער צערעמאָניע, און נאָכהער זיך באַווייזן אין מיטן העלן טאָג מיט אַ „ב־36" מיט אַטאָם־באָמבעס, רעדלעך מיט באַקצילן פון דזשומע.

אויב נישט אַלע רעדן וועגן דעם, פון וואַנען דעם שלום דראָט אַ געפאַר, פאַרשטייען עס אָבער אַלע אויסגעצייכנט. אין דעם האַלב־אָפיציעלן אָרגאַן „מאָנד" האָב איך איבערגעלייענט אַן עלעגיש אַר־טיקל וועגן דעם, מיט וואָס עס אונטערשיידן זיך די אַמעריקאַנער און אייראָפּעער אין זייער באַציונג צו דער לעצטער מיליטערישער פאַרשווערונג. דער אויטאָר שרייבט: „פאַר די אַמעריקאַנער איז דאָס וויכטיקסטע צו געווינען די מלחמה, אויב מע קאָן זי נישט אויסמיידן — פאַר די אייראָפּעער איז דאָס וויכטיקסטע נישט צו דערלאָזן צו דער מלחמה".

איך וואָלט וועלן פאַרטיידיקן די אָרנטלעכע אַמעריקאַנער פאַרן אויטאָר פונעם אַרטיקל אין „מאָנד": פאַר אַ הייפל בלוט־דורשטיקע אַמעריקאַנער איז ווירקלעך דאָס וויכטיקסטע אָנצוהייבן די מלחמה, אָבער פאַר די פעלקער אין אייראָפּע און אַמעריקע איז דאָס וויכ־טיקסטע נישט צו דערלאָזן צו דער מלחמה.

אַ מלחמה פאַר די פעלקער — דאָס איז טרערן און בלוט, דאָס זענען אַלמנות און היימלאָזע, דאָס איז אַ צעשטערטע נעסט, אַ פאַר־לוירענע יוגנט און פאַרשוועכטע עלטער. דאָס איז אַ מדבר דאָרטן,

ווו ס'האָט געלעבט, זיך אַנטוויקלט און געבליט אייראָפּע. אָבער פאַר די בלוטדורשטיקע אַמעריקאַנער איז אַ מלחמה עפּעס־וואָס אַנדערש — דאָס זענען באַשטעלונגען, ליפערונגען, בילאַנסן, די־ווידענדן. זיי קאָנען פון בלוט מאַכן גאָלד, איבעררעכענען ציפערן פון געהרגעטע אויף ציפערן פון רווחים.

קלאָר, פאַר מענטשן רעדן זיי וועגן עפּעס אַנדערש. זיי פאַרמאָגן עטאַטירטע בלאָפערס, געשווירענע ליגנערס. ווער האָט געטענהט, אַז די רוסישע טאַנקן גייען אויף טעהעראַן און ווער האָט דרך־אגב פאַרבלאָנדזשעט קיין איראַן? ווער האָט געזאָגט, אַז דער ראַטנ־פאַרבאַנד וויל באַהערשן דאָס דענישע אינדזל בארנהאָלם און ווער האָט שטילינקערהייט באַהערשט גרענלאַנד? ווער האָט זיך גע־כעסט צוליב דער אינגערענץ פון די „רויטע" אין די גריכישע ענינים און ווער באַלעבאַטעוועט אין אַטען?

די דאָזיקע הערן פאַרזיכערן, אַז זייער פאַרשווערונג איז עפּעס אַ מיטל־וועג צווישן אַ קלוב פון טויבן־כאַפּערס און אַ ליטעראַרישן קרייזל צו שטודירן די רעכט פון דעם מענטשן. זיי זענען, זאָל עס הייסן, „פאַראייניקט מיט געמיינזאַמע אידעען". נאַטירלעך, מיר זעען צווישן זיי סאַלאַזאַרן, וועלכער הערשט אין פּאָרטוגאַליע לויט די „הייליקע כללים" פון דעם דוטשע, וועלכער איז אויפגעהאָנגען געוואָרן מיט די פיס אַרויף, און דעם פירער, וועלכער האָט איינגע־נומען שטשורעס־סם.

איך דערמאָן זיך מאַדריד אונטער באָמבעס, אונטער האַרמאַטן־שאָסן, דאָס בלוט פון גאַרסיאַ לאָרסי, דעם לעצטן וועג פון אַנטאָניאַ מאַכאַדאַ, און כ'בין איבערצייגט, אַז נישט היינט איז מאָרגן וועט אין קלוב פון די „סופּער־דעמאָקראַטן", וואָס ווערט אָנגערופן אַט־לאַנטישער פּאַקט, אָנגענומען ווערן דער הויפּט־„הומאַניסט" גענע־ראַל פראַנקאָ.

זיי פאַרטיידיקן ראַסן־גלייכקייט, באַגיסנדיק מיט בענזין די נעגערס. „זיי באַשיצן די סוווערעניטעט" פון אַנדערע לענדער, באַ־שטימענדיק און אַראָפּוואַרפנדיק די הערשער פון 12 רעפּובליקן. „זיי וואַרצלען אויס" דעם פאַשיזם, ווערבירנדיק אַ דיוויזיע פון געוועז־זענע עס־עס־לייט. זיי „פאַרפעסטיקן" די יסודות פון פרייהייט, פאַרקלאַפּנדיק די טויערן פון אַמעריקע פאַר דיכטער פון פראַנקרייך. זיי משפטן די היטלעריסטן דערפאַר, וואָס די היטלעריסטן האָבן צו־געגרייט אַן איבערפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד און גלייכצייטיק באַ־אַרבעטן זיי אַ פּלאַן נומ' 2 פון פונקט אַזאַ איבערפאַל. זיי „שיצן"

די מענטשלעכע ווירדע און צו דעם צוועק זשאַלעווען זיי נישט קיין זייף פאַר די שטריקלעך פון די גריכישע תלינים, ווען אַקסים סאַלי, וועלכע איז געווען אַ ספּיקערין ביי די נאַציסטן, איז אַוועקגעזעצט געוואָרן דורך די אַמעריקאַנער אויף דער באַשולדיקונגס-באַנק, האָט זי געענטפערט מיט צאָרן: „אין וואָס באַשולדיקט איר מיך? צי דערפאַר, וואָס כ׳בין אייך פאַרלאָפן דעם וועג אויף עטלעכע יאָר פאַרויס?..." '

די מענטשן, וועלכע גרייטן צו אַ נייע מלחמה, רעדן באַזונדערס גערן וועגן קולטור. אורטיילנדיק לויט זייערע רייד, זענען זיי געצוווּנגען צו פאַרטיידיקן די „מערב-קולטור" פאַר די אָנגריפן פון מזרח. דאָס איז, נאַטירלעך, אַ פּלאַגיאַט און ווען געבעלס וואָלט זיך נישט פאַרסמט, וואָלט ער געקאָנט פאָדערן אויטאָרן-האָנאָראַר פאַר זיין נומער דורך אַלע „אַטלאַנטישע" ווירטואָזן.

ווער דאַרף רעפּרעזענטירן די „מערב-קולטור"? די „קו-קלוקס-קלען"-לייט פון אַלאַבאַמע, דער טערק יאַלטשין, אילזאַ קאָך, די יאַפּאַנישע סאַמורייען, די שקלאַפן-אייגנטימער פון יאָהאַנעסבורג, דער קעניג אַבדולאַ, די מינכענער פריינד פון היטלערן, די הורטאָזו-ניקעס פון סעול, טשאַנג-קיי טשעק, מר׳ פאַרנעל טאָמאַס און, פאַרשטייט זיך, וויקטאָר קראַווטשענקאָ.

פאַר וועמען דאַרפן די אויבנדערמאָנטע דזשענטלמענער באַשיצן די „מערב-קולטור"?

פאַרן „מזרח"; צום „מזרח" ווידער זענען פאַררעכנט: לואי אַראַגאָן און פּאַבלאָ נערודא, דער גלח בוליער און דער דזשעקאָן פון קאַנטערבורי, האַלהאַן און די ארבעטער פון די פּאַריזער פאָרשטעט, דער בירגערמייסטער פון פלאָרענץ און האַוואַרד פאַסט, פּיקאַסאָ און טאָמאַס מאַן, זשאָליאָ קירי און די בירגער אָראַדור סור גלען.

אין שוץ פון דער „מערב-קולטור" רעדן צוזאַמערסטן די אַמעריקאַנער פאַרוועניושן: יענע זענען בכלל נישט דערוואַקסן צו באַנעמען קולטור. זיי קאָנען דיסקוטירן וועגן דעם, וואָס וועט בלייבן פונעם לוווּר נאָך דער אַטאָם-באָמבע, זיי קאָנען טרוימען וועגן דעם, ווי אַזוי זיך דערווערבן דעם לוווּר, אָבער באַנעמען דאָס, וואָס איז פאַראַן אין לוווּר... ניין, דערצו זענען זיי נאָך נישט דערוואַקסן. זאָלן זיי באַשיידן אַ טראַכט טאָן וועגן זייער עלטער, זאָלן זיי שטיין מיט אַנטבלויזטע קעפּ פאַרן אַקראָפּאָל, פאַרן קאַפּיטאָל, פאַר דער קיעווער קאַטעדרע, פאַרן שאַרטר. די קולטור — דאָס איז נישט קיין חתונה-טאָרט אויפן טיש פון אַ פּלאַנטאַטאָר פון מיסיסיפּי, די קול-

מוז לאָזט זיך נישט צעשניידן אויף שטיקלעך. מע קאָן פאַבריצירן אַ וועלכן ס'איז דיפּלאָמאַטישן דאָקומענט און דערקלערן אין אים איטאַליע פאַר אַן אַטלאַנטיש לאַנד, אָבער מע קאָן נישט דערקלערן „דעם גרויסן דראַקאָן פון אַטלאַנטע און די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע צו פאָרשן די אַנטי־אַמעריקאַנישע טעטיקייט" — פאַר די פאַרשטייער פון דער מערבדיקער, צי מזרחדיקער, צפונדיקער, צי דרומדיקער קולטור. די קוואַלן פון אונדזער ציוויליזאַציע האָבן זייער אָנהייב אין דעם אַלטערטימלעכן גריכנלאַנד. די דערקענטעניש־מיטאָסן, די עסטעטישע נאָרמעס זענען פון דאָרטן געקומען דורכן אַלטערטימלעכן רוים קיין איטאַליע, און קיין רוסלאַנד, — דורך ביזאַנץ. איטאַליע האָט געגעבן דער וועלט צימביען און דזשיאָטאָ, רוסלאַנד — אַנדריי רובלאָוו. די קולטור — דאָס איז נישט בערלין: זי לאָזט זיך נישט צעשניידן אויף צוויי העלפטן.

יעדעס פאָלק האָט אַריינגעטראָגן זיין חלק אין דער וועלט־קולטור. לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי און דאַנטע, באַלזאַק און קאָראָ, סערוואַנטעס און גאָיאַ, שעקספיר און דיקענס, בעטהאָווען און געטע זענען פאַרבונדן מיט דעם לאַנד, וועלכע האָט זיי געבוירן, אָבער זיי האָבן פאַרברייטערט און באַרייכערט דאָס באַוווסטזיין פון דער גאַנצער מענטשהייט. ווי פאַראָרעמט וועט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקן די אייראָפּעישע קולטור, אויב מע וועט פון איר אַרויסשניידן די רוסישע דערציילונג, וועלכע האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דעם געוויסן פון דער וועלט, די רוסישע מוזיק, די אַרבעטן פון די רוסישע געלערנטע, און לסוף דאָס אַנטדעקן פון אַ נייער וועלט, וואָס עס האָט אַדורכגעפירט דאָס רוסישע פאָלק אין יאָר 1917. מענטשן קריגן זיך אָפט צווישן זיך, צו ווען געהערט די, אָדער אַנדערע דערפינדונג: ס'האָט נישט איינמאָל געטראָפן, אַז געלערנטע אין פאַרשידענע לענדער האָבן גלייכצייטיק געאַרבעט איבער איין און דעם זעלביקן פּראָבלעם, אָבער איך צווייפל, צי ס'וואָלט ווער געוואַגט צו קוועסטיאָנירן די פּריאָריטעט פון רוסלאַנד אויפן געביט פון בויען דעם סאָציאַליזם.

דער, וואָס שעצט די אַלגעמיינע קולטור, שעצט אויך די נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־שטריכן, וואָס זענען אייגנטימלעך דעם געני פון דעם, אָדער יענעם פאָלק. מיר האָבן די טיף־רעאַליסטישע סאַטירע פון סערוואַנטעס, מיר האָבן די שאַרפע איראָניע פון סוויפטן, מיר האָבן די פריילעכע איראָניע פון מאָלערן און מיר האָבן דאָס געלעכטער דורך טרערן פון גאָגאָלן.

געזויסע דאָקטרינערן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן האָבן ליב אויסצולויבן דעם „אַמעריקאַנישן לעבנס־סטיל". נו, וואָס, אויב עס פאַרשאַפן זיי פאַרגעניגן די דרעגסטאָרן, גאַנגסטער־פילמען, תפילה־רעקלאַמעס און די „קאָמיסיע צו פאָרשן די אַנטיאַמעריקאַנישע טע־טיקייט" — איז דאָס זייער פּערזענלעכער ענין. ערגער איז דאָס, וואָס דער דאָלאַר האָט זיי אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ, וואָס זיי מיינען ערנסט, אַז דער קינאָ אויפן בראָדוויי איז שענער פונעם אַקראָפּאָל און אַז „רידזשער דיגעסט" איז בעסער פון לעוו טאָלסטאָי. זיי ווילן צונעמען די פיזיאָנאָמיע ביי אַלע לענדער, אומעטום אַריינפירן זייער סטאַנדאַרט. די פעלקער פון אייראָפּע זענען פאַר זיי רעקרוטן, וועלכע מע דאַרף צו דער געהעריקער צייט אָפּראַזירן און אַריינציען אין די רייען.

ס׳איז נישטאָ עפּעס מער עקלהאַפּטס פון ראַסעווער און נאַציאָ־נאַלער גאווה. די קולטור פון דער וועלט פאַרמאָגט בלוט־געפעסן, וועלכע מע קאָן נישט אומבאַשטראָפט איבערשניידן. די פעלקער האָבן זיך געלערנט און וועלן זיך לערנען איינער פונעם צווייטן. איך מיין, אַז מע קאָן אַכטן די נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־שטריכן, אָפּוואַרפנדיק די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט. דער אמתער פּאַט־ריאָט האָט ליב די מענטשהייט, און דער אמתער אינטערנאַציאָ־נאַליסט איז איבערגעגעבן זיין פאָלק. די מענטשן פון סטאַלינגראַד זענען געשטאָרבן פאַר זייער פאָטערלענדיש דאָרף, פאַר דעם ליד, וואָס האָט זיך פאַרגעדענקט פון דער קינדהייט, פאַר דעם סאָוועט־טישן פאָלק און זענען געשטאָרבן פאַר אַלע דערפער פון אייראָפּע, פאַר אַלע לידער פון דער וועלט, פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט.

די מענטשן, וועלכע זענען איצט פאַרנומען מיט דער פאַראיי־ניקונג פון מערב־אייראָפּע פאַרברייטערן נישט זייער גייסטיקע וועלט. נאָר פאַרשמעלערן זי. אמת, זיי זענען גרייט אומצווואַרפן די גרענעץ־סלופּעס צווישן לוקסעמבורג און בעלגיע, אָבער דערפאַר פאַרפליכטן זיי זיך אויסצוגראָבן אַ תהום צווישן זיך און די 500 מיליאָן מענטשן, וועלכע לעבן, אַרבעטן, שאַפן אַ נייע וועלט.

ס׳איז געווען אַ צייט, ווען פראַנקרייך איז געגאַנגען בראש פון דער מענטשהייט. די רוסישע פריידענקער האָט מען דעמלט גערופן „וואָלטעריאַנער" און „יאַקאָבינער". זיי זענען געווען אמתע רוסישע פּאַטריאָטן און באַגערט גליק פאַר זייער לאַנד. איך מיין, אַז די פראַנצויזן, פּאָליאַקן, איטאַליענער, טשעכן, די אַרבעטס־מענטשן פון אַלע לענדער, וועלכע שאַפן זייער באַגייסטערונג פון די דער־

פאַרוגגען פון סאָוויעטישן פאָלק, פאַרבלייבן גוטע פּאַטריאָטן פון זייערע פעלקער. מיר טיילן נישט די קולטור אויף קיין מערבדיקער און מזרחדיקער. מיר טיילן די וועלט אויף בויער פון דער קולטור און אויף וואַנדאַלן, אויף שעפער און פוסטע־פּאַסניקעס, אויף לעבעדיקע מענטשן און אויף לעבעדיקע מתים. ווען איך זאָג „מיר", פאַרמויער איך זיך נישט אין די גרענעצן פון מיין לאַנד. זענען דאָך מיט אונדז די בעסטע מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט. נאָכן פאַרעפנטלעכן דעם טעקסט פון דער לעצטער מיליטערישער פאַרשווערונג האָבן אירע אַפּאָלאָגעטן דערקלערט מיט סאַטיספאַקציע: „די שפּאַלטונג פון דער וועלט איז איצט פעסטער געוואָרן".

יאָ, זי איז טאַקע באמת געוואָרן פעסטער, אָבער זי גייט נישט דורך לויט יענער ליניע, וואָס עס האָבן אָנגעצייכנט די אויטאָרן פון פּאַקט. דאָס איז אַ שפּאַלטונג צווישן די מענטשן פון דער פאַרגאַנגענהייט און די מענטשן פון דער צוקונפט, צווישן דעם דאָלאַר און דעם געוויסן, צווישן דער אַטאָם־באָמבע און דעם אמתן הומאַניזם, צווישן דער לאָפּאַטע פון באַגרעבער און דער לאָפּאַטע פונעם גערטנער. אונדזער קאָנגרעס איז דער בעסטער ענטפער די אַלע, וועלכע האָבן געהאַט בדעה צו שפּאַלטן די וועלט אויף אַ מערבדיקער און מזרחדיקער. איך וועל פרעגן די מחברים פון דער מיליטערישער פאַרשווערונג: מיט וועמען איז דאָס פּאַריז פון געדאַנק און אַרבעט? מיט די פאַרטיידיקער פון שלום, צי מיט די אַטאָם־לייט?

כ'וואָלט נאָכאַמאָל וועלן דערמאָנען, אַז קולטור איז נישט קיין רענטע. ס'איז אוממעגלעך צו לעבן בלויז מיט די דענקמעלער פון די אַלטע צייטן, אָדער בלויז מיטן געדעכעניש וועגן די אַלטע צייטן. אויב מע איז נישט ממשיך די קולטור מיט כסדרדיקער אַרבעט, מיט גלויבן, מיט ענטוזיאַזם, שטאַרבט די קולטור אָפּ — אויפן פּאָן פון די נאַרימבערגער רענעסאַנס־פּאַלאַצן דערשיינט אַן אָבערגלויביקער מאַניאַק און פאַרריסענער שרייער, באַפּעסטיקט זיינע איגנאָראַנטישע אַפּעלן מיט ציטאַטן פון דאַנטע. מיר דוכט זיך, אַז אונדזער עיקרדיקער צושטייער צו דער וועלט־קולטור איז דאָס, וואָס נישט נאָר מיר פלעגן זי, נאָר מיר שאַפן אויך, וואָס די קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד איז נישט דאָס ווערק פון אויסדערוויילטע, נאָר פונעם גאַנצן פאָלק.

איך וואָלט וועלן דערציילן וועגן אַ געוויס לענינגראַדער מיידל. זי האָט אין די באַלאַגערונגס־יאָרן געשריבן זכרונות. די זכרונות זענען אריינגעפאַלן צו מיר. צווישן די קינדער־נאָטיצן, וואָס האָבן

דערהציילט וועגן די ליידן, וועלכע ס'האָט איבערגעלעבט לענינגראד — אַזאַ און אַזאַ חברטע איז געשטאָרבן, ווידער 125 גראַם ברויט, ווידער אַ פראָסט אין שטוב און ס'איז נישטאָ קיין ליכט, נישט קיין וואַסער און ווידער איז געשטאָרבן אַ שכן — צווישן די דאָזיקע נאָטיצן האָב איך געפונען אויך אַנדערע:

„נעכטן אינאָוונט — „אַננע קאַרעניגע”, נעכטן ביינאַכט — „מאַדאַם באָוואַרי”, נעכטן אַ גאַנצע נאַכט — דער „שטילער דאָן”.

איך בין געווען פאַרוואונדערט, ווי האָט דאָס מיידל געקאָנט לייענען ביכער אין די נעכט — אין שטאָט איז דאָך נישט געווען קיין באַלייכטונג? איך האָב זי געטראָפן און געפרעגט. זי האָט געע־ענטפערט: „איך האָב נישט געלייענט, איך האָב זיך דערמאָנט די ביכלעך, וואָס כ'האָב אַמאָל געלייענט. דאָס האָט מיר געהאָלפן צו קעמפן מיטן טויט.”

מיר האָבן באַזיגט דעם פאַשיזם דערפאַר, ווייל מיר האָבן געהאַט אַזעלכע מיידלעך, דערפאַר, ווייל ביי אונדז האָט אַ פאַסטעך געקענט נעמען אַ גלאָבוס און דער האַנט און ערד־גרעבער האָבן שטודירט די באַוועגונג פון די הימלישע קערפּערס. מיר זענען געוואָרן אומבאַזיגבאַר דערפאַר, ווייל עס האָט עקזיסטירט אַ געווער, וואָס איז שטאַרקער פון אַלע אַטאָם־באָמבעס — דאָס מענטשלעכע באַוווּסטזיין.

טייער האָבן מיר באַצאָלט פאַרן שלום און מיר היטן אים אָפּ. מיר היטן אים אָפּ נישט דערפאַר, ווייל מיר זענען שוואַך, נאָר דער־פאַר, ווייל מיר האָבן ליב דעם שלום, און מיר האָבן ליב דעם שלום טאָקע דערפאַר, ווייל מיר זענען שטאַרק. מיר בויען אָפּ סטאַלינגראַד, מיר פאַרפלאַנצן וועלדער קעגן טריקעניש, מיר קעמפן מיט קראַנק־הייטן, אָבער מיר האָבן נישט קיין דזשומע־מיקראָבן. מיר שרייבן ביכער און קוקנדיק אויף קינדער ווייסן מיר, אַז זיי וועלן אַריינקומען אין די באַשטראַלטע גערטנער פון אַן אַנדערער תקופה. מיר זענען זיכער מיט דער צוקונפט און דערפאַר טראַכטן מיר נישט וועגן דעם, ווי צו פאַרפלייצן די וועלט מיט בלוט, נאָר וועגן דעם, ווי אַזוי צו באַוואַסערן דעם מדבר און אָנוואַרעמען די טונדרע.

מיר זענען זיכער מיט דער צוקונפט, און דערפאַר זאָגן מיר די מענטשן, וועלכע באַשולדיקן אונדז: אַרבעט, בויט אויף אייערע לענדער, לערנט אייערע קינדער. — דעם טריומף פון אַ סיסטעם, דעם טריומף פון אַן אידעע קאָן מען באַווייזן נאָר מיט פרידלעכער אַרבעט, מיט שעפערישקייט.

ווי עס דערציילט אַן אַלטע מעשה זענען צו אַ קלוגן ריכטער געקומען צוויי פרויען מיט אַ געקריג: צו וועמען געהערט דאָס קינד? די פרוי, וואָס האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון דער מוטער, האָט דערקלערט דעם ריכטער: „צעשניידט דאָס קינד אויף דער העלפט״. זי האָט אַזוי געריידט דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען נישט איר קינד. די באַרבאַרן, וועלכע פּלאַנעווען איצט אַ מלחמה, זענען גרייט צו טויטן די צוקונפט פון דער מענטשהייט, ווייל דאָס איז נישט זייער צוקונפט. זיי האָבן מורא פאַר דער צייט, ווייל די צייט איז קעגן זיי. זיי האַסן דאָס לעבן, ווייל דאָס לעבן איז מיט די אַרבעט־מענטשן, נישט מיטן הייפל ווילדע חיות. זיי ווילן דערפאַר מלחמה, ווייל זיי זענען פאַרמשפּט אויף אונטערגאַנג; דערפאַר, ווייל זייער גאַנצע פילאָזאָפיע, עסטעטיק, עקאָנאָמיק זענען דערפירט געוואָרן צו איין זאַך: צו דער אַטאָם־באָמבע.

ווען ס׳איז אָנגעגאַנגען די שרעקלעכע מלחמה פאַר קולטור, פאַרן מענטש, פאַרן לעבן, זענען מיר געגאַנגען פאָרויס. מיר האָבן נישט געציילט אונדזערע קרבנות. ס׳איז נישטאָ און ס׳וועט נישט זיין קיין וואָג, וווּ מע זאָל קאָנען אויף איין וואָגשאָל אַוועקלייגן אַ מענטשלעך לעבן און אויף דער צווייטער — אַ פּעקל דאָלאַרן. ס׳איז נישטאָ און ס׳וועט נישט זיין קיין פאָלק, וואָס וועט וועלן גלייכשטעלן די צוויי ווערטער: „סטאַלינגראַד״ און „לענד־ליס״. איצט גייט אַן אַ מלחמה פאַר שלום, און מיר זענען שטאָלץ דערמיט, וואָס מיר זענען ווידער די פאָרויסגייער, ווידער קעמפן מיר נישט בלויז פאַר זיך, נאָר פאַר אַלע פעלקער.

איך וועל זיך דערלויבן דערמאָנען וועגן די „הייליקע שטיינער פון אייראָפּע״. איך זאָג דאָס אין אַ שטאָט, וואָס איז טייער דער גאַנצער מענטשהייט, אין אַ שטאָט פון גרויסע שרייבער, גרויסע מאָלערס, אין אַ שטאָט פון פיל רעוואָלוציעס, אין אַ שטאָט פון אַ מילדן, דרייסטן, ענטוזיאַסטיש פאָלק, אין דעם פראַכטפולן בינ־שטאָק פון דער אייראָפּעישער קולטור. אַ געוויס נעבעכדיק צייטונגל האָט נישט לאַנג צוריק אָנגעפרעגט ביי פאַרשידענע מענטשן, וואָס זיי וועלן טאָן, אויב די רויטע אַרמיי וועט פאַרנעמען פראַנקרייך. די פראַנצויזן ווייסן, וואָס מיר האָבן געטאָן פאַר דער באַפרייונג פון פראַנקרייך. די פראַנצויזן ווייסן אויך, אַז ס׳איז נישטאָ און ס׳קאָן נישט זיין ביי אונדז קיין פיינטלעכקייט צום פראַנצויזישן פאָלק. אָנשטאָט די טאַנקן, מיט וועלכע די נעבעכדיקע צייטונג האָט גע־דראָט אירע לייענער, זענען מיר געקומען קיין פּאַריז — סאָוויעטי־

שע מענטשן, געלערנטע און אַרבעטער, דער קאָמפּאָזיטאָר שאָסטאַ־קאָוויטש און דער שרייבער פאַדייעוו. מיר זענען געקומען, בכדי צו זאָגן די פראַנצויזישע פריינד: מיר ווילן באַשיצן דעם שלום, מיר ווילן באַשיצן פראַנקרייך פאַר די גרווילן פון דער שווידערלעכער שחיטה.

מיר האָבן דאָ געטראָפן ענגלישע פריינד. מיר זאָגן: מיר שעצן טיף אייער פאָלק, זיינע טראַדיציעס, זיין פּאַרעקשנטקייט, זיין אויסהאַלטעוודיקייט, זיין אַרבעטסזאַמקייט.

מיר געדענקען סיי לאָנדאָן, סיי קאָווענטרי. אויפגעוויס געדענקט איר אויך לענינגראַד. מיר קאָנען פאַרזיכערן דעם שלום פאַר נייע דערפאַרונגען.

דאָ געפינען זיך אַמעריקאַנער. קיינמאָל, חזר איך איבער, קיינמאָל, ווען מיר נישט באַטראַכטן די אַמעריקאַנער רוּיב־חיות פאַרן אַמעריקאַנישן פאָלק, נאָר מיר דאַרפן זאָגן די אַמעריקאַנער פריינד: פאַרלירט נישט קיין איין רגע. די מענטשן זענען ביי אייך באַהערשט פון פחד, און פחד ווידער נעמט צו ביי מענטשן דעם שכל. דער טאָג פון אַמעריקע, זיין צוקונפט, זענען געשטעלט געוואָרן אויף דער קאָרט. — איר קאָנט נישט און איר דאַרפט נישט ווערן קיין נייע היטלער־לייט. איר לעבט ווייט פון איראָפּע און לעבט אויף אייער שטייגער. מיר קאָנען באַוווּנדערן ביי אייך איין זאַך און אָפּוואַרפן די צווייטע. אָבער מיר ווילן נישט אַנטשיידן אונדזערע שטרייטן מיט געווער. מיר ווילן נישט באַווייזן אונדזער גערעכטיקייט מיט חורבות פון שטעט.

מיר זענען געקומען אַהער און ווענדן זיך צו די פאָרשטייער פון אַלע רומפולע פעלקער פון איראָפּע: לאָמיר איינהיטן אונדזער געמיינזאַם הויז, לאָמיר איינהיטן אונדזער אוראַלטע קולטור. מיר ווענדן זיך מיטן דאָזיקן אַפּעל נישט נאָר צו אונדזערע אידעען־חברים, נאָר צו אַלע מענטשן פון גוטן ווילן, מאַרקסיסטן צי אָנהענגער פון קאַנטיזם, פריידענקער צי קאַטוילן. מיר זענען געקומען אַהער, נישט בכדי צו באַווייזן די ריכטיקייט פון אונדזערע אידעען אָדער די העכערקייט פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן סיסטעם. מיר ווילן דאָס בעסער באַווייזן מיט אונדזער אַרבעט, שעפערישקייט, מיט דער אַנטוויקלונג פון דער סאָוויעטישער מלוכה. מיר זענען געקומען אַהער, בכדי אויסצושטרעקן די האַנט צו אַלע מענטשן, וועלכע האַסן באמת מלחמה. זיי זענען אַ סך, זייער אַ סך, אַזוי פיל, אַז ס׳איז אוממעגלעך איבערצוציילן.

ווער איז מיט די ליבהאָבער פון מלחמה, מיט די אַגרעסאָרן, מיט די אַטאָם-לייט? זאָלן זיך אויסשטעלן די דאָזיקע הערן און דורכמאַרשירן. מסתמא וועט מען פון זיי אַפילו קיין קאָמפּאַניע נישט קאָנען צונויפשטעלן.

מיט אונדז זענען די פעלקער; מע קאָן זיי נישט איבערציילן, ווייל די פעלקער זענען אומציילבאַר און אומפאַרניכטבאַר.

איך, אַ סאָוויעטישער שרייבער, אַ פאָרשטייער פון אַ פאָלק, וועמען ס'באַוואַרפן מיט שמוציקע רכילות די שונאים — אונדזערע און אייערע — די שונאים פון דער מענטשהייט — פאַרענדיק מיט די דאָזיקע ווערטער, וועלכע ליגן יעדן אויפן הארצן: שלום דער וועלט!

אַלעקסאַנדער פּאַדייעוו

## רעדע

עס עקזיסטירט אויף דער וועלט אַ וואָרט, מיט וועלכן מע שרעקט לעצטנס אַלץ אָפטער די מענטשן: דאָס וואָרט איז פּראָפּאַגאַנדע. כדי אויסצומיידן מיספאַרשטייעניש, מוז איך קודם־כל דערקלערן, אַז איך וועל מאַכן פּראָפּאַגאַנדע לטובת דעם שלום און קעגן די מלחמה־אונטערצינדער. איך קאָן נישט זאָגן, אַז פּראָפּאַגאַנדע קעגן די מלחמה־אונטערצינדער זאָל זיין מיין פאַך. איך בין אַ שרייבער — און ווי פיל אַנדערע מיינע חברים — וואָלט איך מיט אַ גרעסערן פאַרגעניגן געשריבן ביכער וועגן דעם פרידלעכן לעבן פון מענטשן, נאָכמער, דערפאַר, וואָס די צוממערסטן כאַראַקטערים־טישע לעבנס־אייגנשאַפטן פון די מענטשן אין מיין פאָטערלאַנד איז די פרידלעכע אַרבעט. אָבער דאָס געזעלשאַפטלעכע געוויסן, וואָס איז רעפּרעזענטירט אין דעם זאַל, ווו ס'האָבן זיך צונויפגעזאַמלט מענטשן פון איבער 60 פעלקער, די פאַרשטייער פון פיזישער און גייסטיקער אַרבעט, מענטשן פון פאַרשידענע פּאָליטישע איבערצייגונגען און רעליגיעזע אָנשויונגען, דאָס געזעלשאַפטלעכע געוויסן, וואָס נישט געקוקט אויף די באַמיונגען פון די שונאים פון שלום און דער מענטשהייט, טראָגט עס הויך איבער דער וועלט די שטים פון אמת און מענטשלעכקייט — באַוועגט מיך צו אונטערשטיצן די גערעכטע זאַך מיט אַלע כוחות פון מיין נשמה.

איך קאָן נישט זאָגן, אַז די מלחמה זאָל שוין שטיין אויף דער שוועל פון אונדזערע הייזער, אָבער זי שטייט נישט פאַר אונדזערע הייזער נאָר דערפאַר, ווייל די פעלקער פון דער וועלט ווילן נישט קיין מלחמה, אויף וועלכן עס זאָגט עדות דער איצטיקער קאָנגרעס פון די שלום־פאַרטיידיקער.

דערלויבט מיר איבערגעבן אייך אַלעמען, אונדזערע טייערע פריינד און ברידער אין קאַמף פאַר פאַרזיכערן דעם שלום, אין

נאָמען פון די אינטעלעקטועלע און מיליאָנען מענטשן פון אונדזער גרויסן סאָוויעטישן פאָטערלאַנד די האַרציקסטע גרוסן.

איך וויל אויסנוצן די גליקלעכע געלעגנהייט, בכדי צו איבער־געבן אַ גרוס פאַר דער פאָרגעשריטענער פראַנצויזישער אינטעלי־גענץ, וואָס האָט אין דעם גרויסן ווערק פון קאַמף פאַר שלום אַרויס־געוויזן אַזויפיל שיינע איניציאַטיוו און וואָס זיי פאַרדאַנקען מיר די גאַסטפריינדלעכקייט דאָ, אויף דער פראַנצויזישער ערד. דאָס דאַרף מען אונטערשטרייכן נאָך מער דערפאַר, וואָס ס׳האָבן זיך געפינען אין פראַנקרייך אויך אַזעלכע מענטשן — ווי באַוווסט — וואָס וואָלטן נישט זייער וועלן, מיר זאָלן זיך דאָ געפינען.

די מלחמה שטייט נאָך נישט אויף דער שוועל פון אונדזערע הייזער, אָבער זי איז געוואָרן די רעאַלע געפאַר פון מאָרגנדיקן טאָג. עס עקזיסטירן פשוטע זאַכן, וועגן וועלכע עס ווייסט נישט נאָר יע־דער באַוווסטזיניקער מענטש, נאָר ס׳ווייסן אַפילו קינדער אין שול־עלטער.

ווער ווייסט נישט, למשל, אַז אין אַ ריי לענדער פון מערב־אייראָפּע און אַמעריקע ווערט קעגן דעם ווילן פון די פעלקער פאַנאַנ־דערגעבונדן אַ נייער באַוואָפענונגס-געיעג? — ציפערן וועגן דעם און פאַקטן זענען פובליקירט געוואָרן נישט איינמאָל אין בראָשורן און צייטונגען אין אַלע לענדער פון דער וועלט. נאָר מע וואָלט זיי געמעגט אַפילו נישט פובליקירן, ווייל די באַפעלקערונג פילט עס אָפּ טאָג־טעגלעך אין דער געשטאַלט פון וואַקסנדיקע שטייערן און יקרות.

ס׳האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז עס קאָן נישט זיין קיין פשוטערע זאַך ווי אַ פאַרשטענדיקונג אין דער פראַגע פון רעדוצירן די באַוואָפענונגען פון די גרויס-מאַכטן פון דער וועלט, בכדי צו פאַר־קלענערן די נויט פון די מענטשן און דערווייטערן די געפאַר פון דער מלחמה.

ס׳איז אַלגעמיין באַוווסט, אַז דאָס אַטאָם-געווער קאָן מען נישט טראַקטירן ווי אַ פאַרטיידיקונגס-געווער, ווייל ס׳איז אויסגערעכנט קודם־כל אויף חרוב מאַכן שטעט און קולטור-ווערטן, אויף אַ מאַסן־פאַרניכטונג פון שוצלאָזע קינדער, פרויען און זקנים און שטעלט פאַר מיט זיך אין דער הינזיכט דאָס אוממענטשלעכסטע געווער, וואָס מ׳האָט ווען עס איז באַנוצט קעגן דער מענטשהייט.

ס׳קאָן זיך אויסדוכטן, אַז עס איז נישטאָ קיין מער פשוטערע זאַך, ווי אַ פאַרבאָט צו פּראָדוצירן דאָס געווער, אַ פאַרבאָט צו באַ־

נוצן עס פאַר מלחמה־צילן און באַשטימען אַ קאָנטראָל אויף צו רעאַ־ליזירן דעם באַשלוס — אַ פּשוטן און קלאָרן אפילו פאַר קינדער.

ס'עקזיסטירן אָבער אויף דער וועלט מענטשן, און אַפילו ציי־טונגען, וועלכע נעמען אויף אַזעלכע קלאָרע און פּשוטע פאָרשלאָגן פאַר אַן אויסדרוק פון „פּראָפּאַגאַנדע". דערפאַר די אייגענע פאַר־וויקלטע און אוממאָראַלישע פאָרמולירונגען, וואָס זייער ציל איז צו באַרעכטיקן דעם באַוואָפענונגס־געיעג און דאָס אָנווענדן דאָס אַטאָ־מישע געווער, נעמען זיי אויף פאַרן כמעט העכסטן אויסדרוק פון „פרייהייט" און „דעמאָקראַטיע".

אין אַלע לענדער פון דער וועלט פאַרשפּרייט מען געאָגראַפישע מאַפּעס — די דאָזיקע מאַפּעס דרוקט מען אַפילו אין צייטשריפטן, אויף וועלכע מע קאָן זען אַ גיגאַנטישע קייט פון מלחמה־באַזעס, וועלכע ציען זיך דורך גרענלאַנד, איסלאַנד, ענגלאַנד, פּאָרטוגאַל, שפּאַניע, דייטשלאַנד, גריכנלאַנד, די לענדער פון נאָענטן און מיטלען מזרח, דורך די אינדזלען פון פּאַציפיק און יאפּאַן. די איבערוויגנדיקע מערהייט פון די באַזעס געפינט זיך טויזנטער קילאָמעטער ווייט פון די לענדער, וועלכע האָבן זיי פאַרלייגט. יעדער שילער וועט פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע באַזעס קאָנען נישט זיין קיין פאַרטיידי־קונגס־באַזעס, אַז קיינער אַבסאָלוט באַדראָט נישט די לענדער, וואָס האָבן די באַזעס פאַרלייגט. פּונקט פאַרקערט, די עקזיסטענץ פון די דאָזיקע באַזעס איז די שרעקלעכסטע געפאַר פאַרן שלום אויף דער גאַנצער וועלט.

יעדער מענטש, וואָס קאָן לייענען, וועלכער לייענט טאָג־טעגלעך צייטונגען, ווייסט, אַז הגם די צווייטע וועלט־מלחמה איז פאַרענ־דיקט, געפינען זיך באַוואָפנטע כוחות פון פרעמדע מלוכות אין גריכנלאַנד, עגיפּטן, עבר־הירדן, איראַן, אינדאָנעזיע, וויעטנאַם און אין אַנדערע לענדער; אַז די פרעמדע באַוואָפנטע כוחות געפינען זיך דאָרטן קעגן דעם ווילן פון די פעלקער פון יענע לענדער און אַז די דאָזיקע כוחות זענען פאַקטיש די ברען־פּונקטן פון דער נייער מלחמה.

ס'וועט אָבער גענוג זיין צו זאָגן אַ וואָרט אמת אויף דער טעמע פון די דאָזיקע און אַנדערע אַלגעמיין באַקאַנטע פאַקטן, אַז די מענטשן, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון די פאַקטן, ווי אויך זייערע צייטונגען, זאָלן פאַרדרייען און פאַרקריפּלען דעם אמת, וואָס איז קלאָר אַפילו פאַר אַ שילער. דערצו נאָך וועלן זיי פאַרשטעלן זייערע נעפלהאַפטע און ליגנערישע, פון לאָגיק אויס־

געהוילטע פּאָרמולירונגען פאַר דעם העכסטן אויסדרוק פון „לאָגיק" און „דעמאָקראַטיע".

פיר יאָר זענען סך־הכל אוועק פון דעם מאָמענט, זינט צענדליקער גרויסע און קליינע פעלקער האָבן פארענדיקט די בלוטיקסטע מלחמה, וואָס די וועלט האָט ווען נישט איז געזען. די פעלקער האָבן זי פאַרענדיקט, צעגראָמירנדיק אין קאָלעקטיווער אָנשטרענגונג די כוחות, וועלכע האָבן געטרוימט וועגן דער הערשאַפט איבער דער וועלט. פון דער פעסטער געמיינזאַמקייט פון די פעלקער אין דער מלחמה פאַר גערעכטיקייט איז געבוירן געוואָרן אויף אַ נאַטירלעכן אופן די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער. ס'האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז עס איז נישטאָ קיין פשוטערע זאַך, ווי דאָס לייזן אַלע שטרייט־פראַגן, וואָס שווימען אַרויס צווישן די פעלקער, אויפן פאָרום פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער געמיינזאַמקייט פון די פעלקער. אָבער ניין, ס'האָבן זיך געפונען אויף דער וועלט כוחות, וואָס זיי איז נייטיק אי די „מערב־אוניע" אי דער אַזוי גערופענער „אַטלאַנטישער פּאַקט". און אויפן האָריזאָנט באַווייזט זיך שוין עפּעס אַ „מיטללענדישער"־בלאָק.

די פעלקער פון דער וועלט האָבן נאָך נישט באַוויזן צו פאַרגעסן די בעסטיאַלישקייטן פון די דייטשישע נאַציסטן, און שוין ווערן געמאַכט באַמיונגען אַריינצוציען מערב־דייטשלאַנד, מיט איר נישט אַנטוואָפנטן מיליטעריש־אינדוסטריעלן פּאָטענציאַל, און די קאַדרען נאַציסטישע מענטשן־פרעסער, וואָס שפּאַצירן אויף דער פרײַ — אין דער אַזויגערופענער „אַטלאַנטישער שותפות". יעדער מענטש מיט אַ נישט פאַרטונקלטן געדאַנק פאַרשטייט קלאָר, אַז אַזעלכע בלאָקן טיילן די וועלט אויף לאַגערן, רייצן אייניקע לענדער־גרופּן קעגן אַנדערע, אַז די בלאָקן האָבן אַ מיליטערישן כאַראַקטער און אַז מיטן מאָמענט פון זייער אַנטשטיין טרעט די מלחמה אַריין אין דער פאַזע פון פולשטענדיק רעאַלער צוגרייטונג.

וואָס פאַרא מאָטיוון און דערקלערונגען רוקן אַרויס די וואָרטזאָגער פון דעם אַטאָמישן געווער און די מיליטערישע בלאָקן, וואָס שטעלן די פעלקער פון דער גאַנצער וועלט פנים־אל־פנים מיט אַ רעאַלער מלחמה־געפאַר? איינער פון די אממערסטן פאַרשפּרייטע דערקלערונגען איז דער, אַז די בלאָקן אַנטשטייען ווי אַן ענטפער אויף דער כלומרשט דראָענדיקער אַגרעסיע מצד דעם ראַטנפאַרבאַנד. אָבער אַלע לענדער זעען די שלום־שטרעבונגען פון ראַטנפאַרבאַנד

און אויך דעם פאַקט, אַז מע באַמיט זיך אַפילו נישט אַריינצוציען דעם ראַטנפאַרבאַנד אַנטיילצונעמען אין די בלאָקן, און אַז די איני־ציאַטאָרן פון די בלאָקן האָבן אָפּגעוואָרפן דעם שלום־אָפּמאַך, וואָס איז פאָרגעלייגט געוואָרן דורך דעם גרויסן פירער פון דער ראַטן־מלוכה — סטאַלין. מע רוקט אויך אַרויס אַזאַ מאָדנעם מאָטיוו, אַז די מענטשן פון דעם אַזוי־גערופענעם „אַטלאַנטישער שותפות" האָבן דעם מאָנאָפּאָל אויף „קולטור און הומאַניזם", און מיר, די סאָוויעט־טישע מענטשן, די יורשים פון פּושקינען און טאָלסטאָיען, מענדע־לעיעוון און פּאַוולאָוון, וואָס האָבן מיט די אייגענע הענט אויפגעבויט דאָס ערשטע סאָציאַליסטישע לאַנד אויף דער וועלט, זענען כלומרשט שונאים פון דער „מערבדיקער" און אַטלאַנטישער קולטור. צי קאָן אָבער כאָטש איין אמתער קעמפער פאַר קולטור און הומאַניזם זיך פאָרשטעלן די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט אָן דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור, וויסנשאַפט, מוזיק? און צי קאָן מען באַרעכטיקן דאָס פאַנאַנדערבינדן די גרויזאַמסטע מלחמה, וואָס אַזעלכע וואָלט זיכער געווען אַ נייע וועלט־מלחמה — מיט דער מיי־נונגס־פאַרשידנהייט בנוגע דעם כאַראַקטער פון דער קולטור־אַנט־וויקלונג, וואָס באַשטימט אין משך פון איבער דרייסיק יאָר די לעבנס־ריכטונג פון דעם 200-מיליאָניקן סאָוויטישן פאָלק, אין באַ־שטאַנד פון קרוב 70 פעלקער? מע פאַרגעסט, אַז די נייע סאָציאַ־ליסטישע קולטור פון דעם סאָוויעטישן פאָלק איז אויסגעוואַקסן אויפן באָדן, וועלכן ס'האָבן איר צוגעגרייט די גרויסע פאַטערס און עלטער־פאָטערס. מע פאַרגעסט, אַז די דרייסיק יאָר פריי לעבן פונעם סאָוויעטישן פאָלק אין באַדינגונגען פון סאָציאַליזם האָבן נישט גע־קאָנט בלייבן אָן קיין רעזולטאַטן, אַז זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין דער שוץ־קאַמער פון דער קולטור פון דער מענטשהייט אַזעלכע נייע ווערטן, וועלכע מע דאַרף לכל־הפחות דערלערנען, אויב מע שטרעבט צו אַ קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג צווישן די פעלקער.

מע זאָגט, אַז די ליבע צו די אייגענע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס, צום נאַציאָנאַלן פאָלקס־באָדן, וואָס האָט געבוירן די נייע סאָוויע־טישע קולטור, שטערט די סאָוויעטישע מענטשן צו פאַרשטיין די אַזוי גערופענע „מערב־קולטור". אָבער צי דען איז אַלץ, וואָס איז גרויס אין דער קולטור פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, איטאַליע, פאַראייני־קטע שטאַטן — נישט אַרויסגעוואַקסן אויף דעם אייגענעם, נאַ־ציאָנאַלן פאָלקס־באָדן? צי נישט דערמיט איז גרויס און פּראַכטפול די אמתע קולטור פון דער גאַנצער מענטשהייט, וואָס זי שטעלט

מיט זיך פאַר די פּרוכט פון דער קולטור־אַנטוויקלונג פון צענדליקער און הונדערטער גרויסע און קליינע פעלקער, וועלכע האָבן אַריינגע־לייגט אין איר עפּעס־וואָס אייגנס, וואָס חזרט זיך ביי קיין אנדערן נישט איבער? די ליבע צום אייגענעם נאַציאָנאַלן פאָלקס־באָדן און דער קאַמף מיט פאַרשידענע קאָסמאָפּאָליטישע טעאָריעס אין אונ־דזער לאַנד באַזירט זיך אויף אַכטונג און ליבע צו אַלץ, וואָס איז פּראָגרעסיוו און פאָרויסגייענדיק אין דער קולטור פון יעדן פאָלק. ווער ווייסט נישט, אַז דווקא אין דעם לאַנד פון די ראַטן, מער ווי אין אַוועלכן ס׳איז אַנדערן, זעצט מען איבער און מע גיט אַרויס די ווערק פון די קלאַסיקער און היינטצייטיקע פּראָגרעסיווע שריי־בער פון פיל, פיל לענדער; אַז די וועלט־מוזיק שטודירט מען אין אונ־דזערע קאָנסערוואַטאָריעס און אין פיל מוזיקאַלישע שולן; אַז די אידעע פון סאָלידאַרישקייט פון אַלע פּראָגרעסיווע כוחות פון דער וועלט קעגן מלחמה איז איינע פון די גרויסע אידעען, אויף וועלכע עס דערציט זיך אונדזער יוגנט, פּונקט ווי אויף דער הייליקער אי־דעע פון פּאַטריאָטיזם.

עס שטעלט זיך אַ פראַגע, וועמענס קולטור אייגנטלעך, די קול־טור פון וועלכן פאָלק, האָבן ליב די באַזינגער פונעם אַטאָמישן גע־ווער און מיליטערישע בלאָקן?

אין יאָר 1948 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ניו־יאָרק אַ ביכל פון וויליאַם פאָגט: „דער וועג פון רעטונג". פאָגט איז דער די־רעקטאָר פון דער שוץ־קאַמער פאַר נאַטור־וויסנשאַפט פון דער פּאַנאַמעריקאַנישער אוניע. די פאָררעדע צו דעם ביכל האָט אָנגע־שריבן דער באַוווּסטער אַמעריקאַנער מלוכה־מאַן, בערנאַרד באַרוך. אין זיינע אַזוי גערופענע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען וועגן דעם גורל פון דער מענטשהייט, באַזירט זיך פאָגט אויף די יסודות פון מאַל־טוסעס לערע. ווי באַוווּסט האָט מאַלטוס געהאַלטן, אַז דער עיקרדי־קער ווידערשפּרוך אין דער מענטשלעכער עקזיסטענץ באַשטייט דע־רין, וואָס די מענטשהייט פּרוכפּערט זיך שנעלער, ווי עס זענען די נאַטירלעכע מעגלעכקייטן פאַר איר באַשפּייזונג. דערפאַר טאַקע האָט מאַלטוס אָנערקענט פאַר געווּנטשענע און נויטווענדיקע פאַק־טאָרן פאַר דער מענטשהייט: מלחמות, עפּידעמיעס, קראַנקהייטן, אָרעמקייט און הונגער.

אָבער וויליאַם פאָגט יאָגט איבער זיין לערער מאַלטוס, באַמי־ענדיק זיך אָנצווענדן די דאָזיקע אַנטיוויסנשאַפטלעכע טעאָריע צו דער איצטיקער סיטואַציע פון לענדער און פעלקער. אין דעם קאָ־

פיטל: „צופיל אַמעריקאַנער" גייט פּאַגט אַרויס פון דער הנחה, אַז „די העכסטע ציפער פון דער באַפעלקערונג פון די פּאַראיייניקטע שטאַטן איז 100 מיליאָן מענטשן". דערפאַר טאַקע דראָט די פּאַראייניקטע שטאַטן אומפאַרמיידלעך אַן אָראָפּנידערונג פון דעם לעבנס־ניוואָ, ווייל דאָס לאַנד איז „איבערבאַפעלקערט" מיט 45 מיליאָן מענטשן. אָבער די לאַגע פון די פּאַראייניקטע שטאַטן איז נאָך נישט אַזוי שרעקלעך. ווי די דייטשישע פאַשיסטן האָבן געפּרוּווט באַרעכטיקן זייער אַגרעסיע „מיט דער באַגרענעצונג פונעם לעבנס־רוים", אַזוי דערקלערט פּאַגט די שטרעבונג פון געוויסע קרייזן צו פאַרכאַפּן רוי־שטאָפן און טעריטאָריעס פון אַנדערע פעלקער מיט דער „איבערבאַפעלקערונג" פון די פּאַראייניקטע שטאַטן.

„די זאַפּאַסן פון צינק־אַרץ זענען באַגרענעצטע און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז מיר וועלן מוזן פירן אַ מלחמה פאַרן רעכט צו האָבן אַ צוטריט צו זיי" — שרייבט ער. אָדער: „פּאַרויסזעענדיק, אַז עס שעפּן זיך אויס די נאַפט־זאַפּאַסן, שיקן מיר אונדזער פלאָט אויפן מיטללענדישן ים, דראָען מיר דעם ראַטנפאַרבאַנד, פאָדערן מיר פאַר זיך אַ צוטריט צו די נאַפט־רייכטימער פון אַזיע".

ווי איר זעט דערפון, איז נישט דער כאַראַקטער פון דער קולטור־אַנטוויקלונג פון ראַטנפאַרבאַנד די סיבה פון די אַרויסטרעטונגען פונעם ניי־אַנטפּלעקטן באַזינגער פון דער צוקונפטיקער מלחמה — פון וויליאַם פּאַגטן, וואָס ווערט אונטערגעשטיצט דורך בערנאַרד באַרוך.

אויב עס געפינען זיך נאָך באמת אַזעלכע נאַיווע מענטשן, וועלכע מיינען, אַז די מאַרשאַליזירונג פון אַ ריי מערב־אייראָפּעישע לענדער און דער אַזויגערופענער צפון־אַטלאַנטישער פּאַקט באַצוועקן צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די לענדער, — רעקאָמענדיר איך די מענטשן איבערצולייענען עטלעכע מאָל אפילו — דאָס ביכל פון וויליאַם פּאַגט.

„לײדער — שרייבט ער — (איך ווענד באַזונדערס די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם „לײדער") איז נישט געקוקט אויף דער מלחמה, די דייטשישע בעסטיאַלישקייטן און דעם נישט דערעסן, די באַפעלקערונג פון אייראָפּע, נישט רעכענענדיק רוסלאַנד, אויסגעוואַקסן אין פּעריאָד פון 1936 ביז 1946 אויף 11 מיליאָן מענטשן. מ'איז זיך משער, אַז ביזן יאָר 1955 וועט די צאָל פון איר באַפעלקערונג דערגרייכן 404 מיליאָן מענטשן, דאָס הייסט, אַז זי וועט אויסוואַקסן אין משך פון 20 יאָר אויף 10 פּראָצענט. אַנשטאָט 370 מי־

ליאָן פוסטע מאָגנס, וועלכע מע׳ וועט דאַרפן אָנפילן דריי מאָל טעגלעך מיט דעם שפּייז, וואָס איז פּראָדוצירט געוואָרן אויף פּרעסט־דער ערד, וועט אין אייראָפּע זיין 404 מיליאָן פּוסטע מאָגנס. די סכום פון הונגעריקע מענטשן וועט אויסוואקסן, אָבער דער סכום פון ערד וועט נישט גרעסער ווערן" (זייט 199—200).

דערפאַר טאַקע רעקאָמענדירט וויליאם פאָגט דעם איינציקן אויסוועג פון דער לאַגע, און נעמלעך די פאַרקלענערונג פון דער אייראָפּעישער באַפעלקערונג. אַזוי טאַקע שרייבט ער: „אַלץ וואָס מיר טוען אויף צו פאַרגרעסערן די באַפעלקערונג ברענגט שאָדן אייראָפּע און אונדז אַליין. סטאַביליזאַציע און נאָכהער די פאַרקלע־נערונג פון דער אייראָפּעישער באַפעלקערונג — וואָלט געווען דער גרעסטער צושטייער צום ווערק פון אַלגעמיינעם שלום און פּראָספּע־ריטי" (זייט 211).

עס געפינט זיך אפשר אַזאַ נאַיווער ענגלענדער, וועלכער מיינט, אַז דאָס אַטאָמישע געווער און דער אַטלאַנטישער פּאַקט עקזיסטירן צוליב דעם, בכדי צו שיצן די ענגלישע קולטור און דעם אַלטן ענגלישן הומאַניזם. אָבער די לעקטור פון וויליאם פאָגט איבערצייגט, אַז די שעפער פון דער אַטאָם־באָמבע און פון דעם אַטלאַנטישן פּאַקט באַציען זיך צום ענגלישן פאָלק, אַזוי ווי צו אַנדערע פעלקער. לויט פאָגטן האָט די אַזויגערופענע „נייע וועלט" אַלעמאָל געשפּייזט ענגלאַנד, און די אינדוסטריעלע איבערקערענישן אין ענגלאַנד וואָלטן נישט צושטאַנד געקומען אָן דער הילף פון אַמעריקע. און אין די איצטיקע באַדינגונגען „אויב מיר וועלן נישט באַוויליקן איינ־צואָרדענען 50 מיליאָן ענגלישע פּיס אונטער אונדזער מיטאָג־טיש... וועלן מיר ווידער זען, ווי אויף די גאַסן פון לאָנדאָן וועט הערשן הונגער", שרייבט פאָגט (זייט 270).

אַזאַ איז אייגנטלעך די באַציונג פון פאָגטן צו אַלע אַנדערע פעל־קער. „די שרעקלעכסטע טראַגעדיע פאַר כינע וואָלט איצט געווען דאָס פאַרקלענערן די שטערבלעכקייט פון דער באַפעלקערונג", — שרייבט ער. „פון שטאַנדפּונקט פון דער גאַנצער מענטשהייט איז דער הונגער אין כינע נישט בלויז געוואונטשן, נאָר אויך נויטווענ־דיק".

אין דער לאַגע פון טשילי זעט ער פאָלגנדיקע מעלות: „איינע פון די גרעסערע מעלות און אפשר אויך די גרעסטע מעלה פון טשילי איז די הויכע שטערבלעכקייט פון דער באַפעלקערונג" (זייט 186).

די חכמה פון די אלטערטימלעכע גריכן, לויט דער אויפפאַסונג פון וויליאַם פאַגט, דריקט זיך אויס „אין אַ האַנדלונג וועגן וועלכער די היסטאָריקער שרייבן זעלטן. די גריכן האָבן פאַרשטאַנען די שטענדיקע געפאַר פון איבערבאַפעלקערונג און ציל געווענדט נע־קעמפט מיט איר דורך אונטערשטיצן די פּראָסטיטוציע, קינדער־מאָרד, עמיגראַציע, קאָלאָניזאַציע". (זייט 58).

נאָר צו וואָס רעדן וועגן די אלטערטימלעכע גריכן, אויב פאָגט פאַראורטיילט אויפן סאַמע אַנטשידנסטן אופן די היינטצייטיקע דאָקטוירים: „די דאָקטוירים — שרייבט ער — קאָנצענטרירן אַלע זייערע באַמיונגען אויף איין אויפגאַבע: ראַטעווען מענטשן פון טויט. פאַרבעסערנדיק די אָרגאַניזירונג פון דער מעדיצינישער הילף און די סאַניטאַרע באַדינגונגען, טראָגן זיי די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן פאַרלענגערן דאָס לעבן פון מיליאָנען פאַראָרעמטע מענטשן" (זייט 48).

געוויס, פאָגטס פריינד קאָנען מיר פאָרוואַרפן „פּראָפּאַגאַנדע". אָבער איך מוז דערקלערן, אַז אַזעלכע פריידיקער פון אָבסקוראַנ־טיזם און אַ נייער מלחמה, ווי ער — זענען שונאים פון דער מענטש־הייט און קודם־כל שונאים פונעם אַמעריקאַנישן פאָלק, וואָס וויל נישט, פּונקט ווי מיר, קיין נייע מלחמות, און אַזוי ווי אַלע אַנדערע וויל עס נישט די פאַרניכטונג פון דער מענטשהייט אויף דער ערד, נאָר איר גליק און אויפבלי.

צוזאַמען מיט אַנדערע סאָוויעטישע אינטעלעקטועלע בין איך געווען אַ גאַסט אויפן קאָנגרעס פון די אינטעלעקטועלע צום שוץ פאַר שלום אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מיר האָבן זיך איבערצייגט אין דער אויפריכטיקער שטרעבונג פון דער פּראָגרעסיווער אינטע־ליגענץ פון די פאַראייניקטע שטאַטן צו באַפעסטיקן דעם שלום, איינצושטעלן אַ קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש צווישן די פעלקער. נישט געקוקט אויפן פיינטלעכן טאָן פון דער מערהייט פון דער פּרע־סע, האָט מען אונדז אומעטום אויפגענומען גינציק און פריינדלעך, מיט וועלכן עס דערקלערט זיך וואַרשיינלעך די איילעניש פון דעם „סטייטס דעפּאַרטאַמענט" און דעם יוסטיץ־מיניסטעריום, וועלכע האָבן אונדז באַפוילן אַרויסצופאָרן.

מיט פאַרוואונדערונג האָבן מיר זיך באַקענט מיט געוויסע גע־ווינהייטן פון דער אַזויגערופענער פרייער אַמעריקאַנישער פּרעסע, וואָס האָט געשריבן וועגן אַ כמעט הונדערטוויזנט־קעפּיקער דע־מאָנסטראַציע קעגן אונדזער וויילן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין

דער ווירקלעכקייט אָבער איז, אויסער עטלעכע קליינע גרופּקעס געדונגענע פּיקעטירער, קיין שום דעמאָנסטראַציע נישט געווען. מיר האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ גרייטקייט אונדז אויסצוהערן און פאַרשטיין, און זיך איבערצייגט, אַז קיין שום אונטערשידן אין די אָנשווינגען אויף די אָדער אַנדערע פּראָבלעמען פון לעבן און קולטור קאָנען נישט שטערן די אָרנטלעכע און אָביעקטיווע מענטשן פון פאַרשידענע פעלקער זיך צו פאַרשטענדיקן אין דער פראַגע פון שלום — קעגן די מענטשן, וואָס שטיצן אונטער די מלחמה־היסטעריע.

קיין שום מענטש אויף דער וועלט מיט אַ לעבעדיקער נשמה — צי איז עס אַן אַמעריקאַנער אָדער רוס — קאָן נישט אַריבערגיין גלייכגילטיק איבער אַזעלכע אַרויסזאָגונגען ווי למשל, די דערקלערונג פון עיזשען אָנעי: „ס'איז שוין צייט, אַז די מענטשלעכע ראַסע זאָל פאַרשווינדן פון דער ערד, און די מילבן זאָלן קאָנען באַווינט־מאַכן די ערד" אָדער די אַרויסזאָגונגען פון הענרי מיללער: „איך האָף און בין זיכער, אַז די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט וועט אָפּגעווישט ווערן". ס'איז קלאָר פאַר יעדערן, אַז דאָס פריידיקן אַזעלכע אָנשווינגען אין אונדזערע טעג איז די קאָנטינואירונג פון די ראַסיסטישע פעלקער־מערדערלעכע טעאָריעס, וועלכע אַנטוויקלען די נידעריקסטע אינסטינקטן, וואָס זענען נייטיק די גיריקע מענטשן, בכדי אַריינצוציען די מענטשהייט אין אַ מלחמה.

און ווי נאָר עס זענען געבוירן געוואָרן מענטשן, וואָס דריקן אויס אַזעלכע אָנשווינגען, האָבן מיר, מיר מענטשן, וואָס געהערן צו פאַרשידענע פעלקער מיט פאַרשידענע פּאָליטישע איבערצייגונגען, דאָס פולשטענדיקע רעכט זיי אָנצורופן שונאים פון דער מענטשהייט און קודם־כל — שונאים פון אייגענעם פאָלק.

ס'איז צו פאַרשטיין, אַז אַזאַ ניהיליזם בנוגע דעם מענטשלעכן לעבן און דער סאַמע עקזיסטענץ פון דער ציוויליזאַציע דעמאָראַליזירט די נשמות פון די יונגע מענטשן. עס איז צייט צו פאַרשטיין, אַז דער דאָזיקער ניהיליזם ווירקט מיט צו דעם וווּקס פון פאַרברעכערישקייט און פאַרברעכערישע אינסטינקטן.

די פעדעראַלע אויספאָרשונגס־ביוראָ פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט דעם 14־טן מערץ פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג, אַז די פאַרברעכערישקייט האָט אָנגענומען מוראדיקע מאָסשטאַבן און וואַקסט ווייטער. אין משך פון גאַנצן יאָר 1948 איז אין די פאַראיי־

ניקטיע שטאָטן יעדע 18,7 סעקונדע באַגאַנגען געוואָרן אַן ערנסטער פאַרברעכן. טאָג־טעגלעך זענען דורכשניטלעך 36 פּערזאָן געפאַלן קרבנות פון מאָרד־אַקטן, 255 פרויען זענען געווען קרבנות פון פאַר־געוואַלדיקונג, יעדע 24 שעה זענען באַגנבעט געוואָרן 463 אויטאָס און באַגאַנגען געוואָרן 2676 אַנדערע פאַרברעכנס. אין 1948 יאָר האָט מען אַרעסטירט אַ רעקאָרד צאָל מענטשן, דערביי אָראָפּגענו־מען פינגער־אָפּדרוקן ביי 759 טויזנט 698 מענטשן.

דער צוזאַמערפאַסן באַאומרואיקנדיקער פאַקט אינעם באַריכט פון דעם פעדעראַלן אויספאָרשונג־ביוראָ איז די אונטערשטרייכונג, אַז די פאַרברעכערישקייט אין יאָר 1948 איז באַדייטנדיק אויסגע־וואַקסן אין פאַרגלייך צו די פאַרמלחמהדיקע יאָרן 1939־1941. די צאָל געוואַלדטאַטן איבער פרויען איז אויסגעוואַקסן 49,9 פּראָצענט, גנבות אויף 16,7 פּר., מאָרד־אַקטן — אויף 14,1 פּר., רויבערייען — אויף 8,9 פּר. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז די צייטונגען פון פאַרשידע־נע ריכטונגען אין די פאַראייניקטע שטאַטן דערקלערן דעם וווקס פון פאַרברעכערישקייט מיט דער אומגעהויערער פונקציאָנירונג פון אַלקאָהאָל־געטראַנקען און דער דעמאָראַליזאַציע פון דער יוגנט.

מיר האָבן נישט קיין רעכט נישט צו טראַכטן וועגן דעם, אַז די דאָזיקע דעמאָראַליזאַציע, כאָטש פון אַ טייל פון דער יוגנט, גרייט צו פון איר פאַר דער קינפטיקער מלחמה קאַדרען פון גנבים, קליינע אָנפירער פון פאַרברעכער, ענלעכע צו יענע, וואָס דער דייטשישער פאַשיזם האָט אַרויסגעלאָזט קעגן דער מענטשהייט אין דער פאַרי־קער מלחמה.

איך רוף אַלע אינטעלעקטועלע, אומאָפּהענגיק פון זייער נאַציאָ־נאַלער און ראַסן־אָנגעהעריקייט, אומאָפּהענגיק פון זייערע פּאָליטי־שע איבערצייגונגען, זיי זאָלן אויפהייבן זייער גרויסע שטים פון הומאַניזם, וואָס איז צום אויסדרוק געקומען דורך די בעסטע מענטשן פון יעדן פאָלק — קעגן די מלחמה־אונטערצינדער, קעגן זייערע באַ־זינגער און פאַרטיידיקער. מיר מוזן אויפהייבן די דאָזיקע שטים אין שוץ פון די פרויען־מוטערס, וועלכע געבוירן אונדזערע זין און טעכ־טער. אונדזער פליכט איז אויפצוהייבן די דאָזיקע שטים אין שוץ פון אונדזערע קינדער, ווייל פון אונדז איז אָפּהענגיק זייער לעבן און זייער מאָראַלישע צוקונפט.

פון דעם, וואָס פאַר אַ ריכטונג מיר וועלן געבן זייערע געדאַנקען און געפילן, וועט זיין אָפּהענגיק, צי וועלן מיר קאָנען מיט שטאָלץ

יעדן ווען זיי ווי וועגן טרעגער פון מענטשלעכן פאָרשריט, צי מיר וועלן מוזן באוויינען זייער גייסטיקע אָנמעכטיקייט און פאַרוויסטונג.

אונדזער חוב איז אויפצוהייבן דאָס גרויסע קול פון הומאַניזם קעגן די מלחמה־אונטערצינדער, ווייל דאָס דערוואַרטן פון אַנדז מיליאָנען פּראָסטע מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די מערהייט פון דער מענטשהייט און וועלכע האָבן אין זייערע הערצער די בעסטע אייגנשאַפטן פון יעדן פון די פעלקער און די בעסטע טראַדיציעס פון הומאַניזם.

דער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס פון די אָנהענגער פון שלום האָט באוויזן, וואָס פאַר אַן אומאויסשעפּלעכע קראַפט עס פאַרמאָגן די אינטעלעקטועלע, ווען זיי זענען צונויפגעשמידט מיט די מיליאָנען מענטשן פון פיזישער אַרבעט. טאַקע אַזאַ צונויפשמידונג דריקט אויס פולשטענדיק דעם ווילן פון אַלע פעלקער צו באַפעסטיקן דעם שלום. זאָלן וויסן די אינספּיראַטאָרן פון אַ נייער מלחמה: די פעלקער פון דער וועלט קאָנען זיך צעבייזערן און זיי שטרענג באַשטראָפן.

לאָמיר אויפהייבן אונדזער דעצידירטע שטים קעגן די אינציאַטאָרן און פאַריידיקער פון מלחמה, קעגן דעם אויפבלאָזן האַס און מחלוקתן צווישן נאַציעס און ראַסן.

די פאַרטיידיקונג פון שלום — איז די זאַך פון אַלע פעלקער פון דער וועלט.

זאָל לעבן די פריינדשאַפט צווישן די פעלקער אין נאָמען פון שלום!

זאָל לעבן דער שלום אויף דער גאַנצער וועלט!

האווארד פאסט

## די שטים פון דער אמתער אַמעריקע

(א בריוו צו די סאָוויעטישע שרייבער)

איך מיין, אַז די סאָוויעטישע שרייבער און אַלע לייענער פון דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" דאַרפן פאַראינטערעסירן געוויסע פאַקטן, וועלכע זענען אנטשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיטן באַשלוס פון דעם העכסטן געריכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון 10 אַפּריל ה. י., וואָס אויף זיין סמך דאַרפן אַריינגעוואָרפן ווערן אין תפיסה דזשאָן האָוואַרד ליוטאָן און דאַלטאָן טרומבאָ. דער דאָזיקער באַשלוס גיט דאָס רעכט די מאַכט־אָרגאַנען זיך אָפּצורעכענען אויף אַזאַ אופן אין דער נאָענטסטער צוקונפט מיט צענדליקער אַנדערע פאָר־שטייער פון דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ.

דזשאָן האָוואַרד ליוטאָן און דאַלטאָן טרומבאָ — דאָס זענען נישט בלויז צוויי גלענצנדיקע שרייבער, נאָר אויך צוויי מוטיקע און טרייע זייערע איבערצייגונגען אַמעריקאַנישע מענטשן.

ליוטאָן און טרומבאָ שטייען אומבייגזאַם און אומגעבראָכן אויף דער זייט פון די פאָלקס־אינטערעסן. זיי האָבן אַריינגעטראָגן אין דער צעפּוילטער און שמוציקער אַטמאָספער פון אַמעריקאַנישן פילם דעם אָטעם פון לעבן און פרישקייט, וואָס איז דאָרטן קיינמאָל נישט געווען, און דאָס טאַקע איז געווען זייער פאַרברעכן.

דאָס פאַרברעכן פון דזשאָן האָוואַרד ליוטאָן באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט אָנגעשריבן דעם פילם־סצענאַר וועגן דעם קאַמף פון די שפּאַנישע רעפּובליקאַנער, און דאָס פאַרברעכן פון דאַלטאָן טרומבאָ — איז דאָס אָנשרייבן אַ סצענאַר, וואָס פאַרטיידיקט די אמתע אַמעריקאַנישע דעמאָקראַטיע.

פאַר דעם דאָזיקן טאַט זענען זיי געשטעלט געוואָרן פאַר דער קאָמיסיע אויסצופאָרשן די אַנטי־אַמעריקאַנישע טעטיקייט. האַלטנ־דיק, אַז זיי האָבן דאָס טייערע רעכט אַרויסצוזאָגן זייערע פּאָליטישע

איבערצייגונגען אָן צוואַנג, און נאָר אין הסכם מיטן אייגענעם ווילן, האָבן ביידע שרייבער זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערן אויף דער פראַגע, צי זיי זענען קאָמוניסטן. יעדן פון זיי האָט מען פאַרמשפּט אויף אַ יאָר תפיסה פאַרן „מאַנגל אין דרך־ארץ" פאַרן קאָנגרעס. אין איצטיקן מאָמענט דראָט נאָך פינף און צוואַנציק מענטשן די תפיסה צוליב דער זעלביקער סיבה. אויסער דעם האָט דאָס יוסטיץ־מיניס־טעריום עפנטלעך געמאָלדן, אַז ס'האָט בדעה איינצוזעצן אין יאָר 1951 צוועלף טויזנט קאָמוניסטן.

אַזוי טרעטן אַרויס אין אַמעריקע די כאַראַקטעריסטישע סימנים פון פאַשיזם. די שוידערלעכע נאַכט פון אונטערגאַנג פונעם מאָנאָפּאָ־ליסטישן קאַפּיטאַליזם הייבט אָן אַרומצונעמען אונדזער ווילע ערד און אונדזער פאָלק.

דאָס איז אַ קאַמף, אין וועלכן מיר האָבן די האָפענונג אויס־צודויערן. דאָס איז אַ קאַמף, אין וועלכן מיר גייען אָן מורא, ווייל מיר ווייסן, אַז הינטער אונדז שטייען מיליאָנען מענטשן, וואָס האָבן ליב דעם שלום אויף דער גאַנצער וועלט און אין אונדזער אייגענעם לאַנד. מיר האָבן נישט מורא פאַר אים, ווייל מיר זענען איבער־צייגט — דער נצחון, דער נצחון פון פאָלק, איז אומפאַרמיידלעך.

און גלייכצייטיק איז זייער וויכטיק, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיך דערוויסן וועגן דער געמיינער, פּחדנותדיקער נידערטרעכטיקייט פון די, וועלכע זעצן אַריין אין די תפיסות צוויי פון די העכסטע פאַר־שטייער פון אַמעריקאַנישן פאָלק.

ליוטאָן און טרומבאָ וועלן זיין אין תפיסה נאָך דעניסן, דעם סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון אַמעריקע, וועל־כער האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט דער פאַרטיידיקונג פון די דעמאָקראַטישע און געזעצלעכע פרייהייטן פונעם אַמעריקאַנער פאָלק אין קאַמף פאַר שלום. מ'האָט ביי אים צוגענומען די פריי־הייט נאָר דערפאַר, ווייל דזשאָן פאַרנעל טאָמאַס און זיין גאַנצע נידערטרעכטיקע קאָמפּאַניע האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק צו פאַב־ריצירן קעגן אים און אַנדערע דעמאָקראַטן דעם באַשולדיקונגס־אַקט.

היינט זיצט פאַרנאַל טאָמאַס — איינער פון די פירער פון דער קאָמיסיע צו פאָרשן די אַנטי־אַמעריקאַנישע טעטיקייט — אין תפיסה. דער דאָזיקער אָפענער ליידאַק האָט געגנבעט די פענסיע פון זיינע אייגענע אָנגעשטעלטע. פאַר זיין פאַרברעכן דאַרף פאַרנעל

טאָמאַס באַשטראָפט וועדן מיט 32 יאָר תפיסה. מ'האָט אים באַ־
שטראָפט נאָר אויף 8 חדשים.

פאַר בלומרשטע פאַרברעכנס, אין וועלכע די רעאקציע האָט
באַשולדיקט דעניסן, ליוטאָנען און טרומבאָ — האָט דאָס געריכט
זיי פאַרמשפּט אויף אַ יאָר תפיסה.

דאָס זענען נאָר עטלעכע פאַקטן, וואָס רעדן וועגן דעם שווינדער־
לעכן אומרעכט, וואָס געשעט ביי אונדז אין אַמעריקע.

איך ווענד זיך צו אייך, ווי צו קאָלעגן שרייבער. איך בעט אייך
אויפצוהייבן אייער שטים צו פאַרטיידיקן די קרבנות פון אַ ביישפּיל־
לאָזן אָנגריף מצד דער קאָמפּאַניע טרומאַן־אַטשעסאָן, אַן אָנגריף,
וואָס זיין ציל איז צו פאַרוואַנדלען די ציוויליזירטע וועלט אין אַ
מדבר דורך אַטאָם־באָמבעס.

לעאָן קרומשקאָווסקי

## די פעלקער ווילן שלום

טייערע פריינד פון אַמעריקע!

ס׳געפינען זיך מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט איינרעדן די וועלט, אַז דער שלום און די פאַרטיידיקונג פון שלום זענען אַ קאָמוניסטישע אימפּרעזע. דער מעטאָד פון זייער משוגעת איז דאָס „דעמאַסקירן״ יעדע אַקציע, יעדע איניציאַטיוו לטובת דעם שלום — ווי אַן אונטערנעמונג, וואָס איז צונויפגעבונדן מיט גרעבערע אָדער דינערע פעדים מיט מאָסקווע. ס׳איז אונדז שווער אין דעם צו גלייבן. ווען אַזוי וואָלט געווען אינדעראמתן, וואָלט די וועלט שוין לאַנג געווען „רויט״, ווייל אויף דער ערד זענען פאַראַן צוויי מיליאַרד מענטשן, וועלכע ווילן שלום.

ניין, דער שלום איז נישט קיין קאָמוניסטישע אימפּרעזע, אָבער אויך די מלחמה האָט שוין אויפגעהערט אין לעצטן סך־הכל צו זיין אַ לוינבאַרע אונטערנעמונג פאַר אירע שעפער.

דער ווילן, די שטרעבונגען און דער באַוווסטזיניקער כוח פון מיליאָניקע מענטשן־מאַסן שפּילן היינט אַ פיל גרעסערע ראָל ווי אין די צייטן, ווען די באַציונגען צווישן די פעלקער האָבן זיך אַנטשידן איבער די קעפּ פון די פעלקער. אויף די הייכן פון דיפּלאָמאַטישער שפּיל. די דערפאַרונג פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זאָגט אונדז, אַז די היינטצייטיקע וועלט־מלחמות, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורכן אימפּעריאַליזם ענדיקן זיך נישט אַזוי, ווי עס פּלאַנעווען זייערע אַראַנזשירער. עס פאַלן אין זיי אַנטשיידונגען קעגן די אימפּעריאַליסטישע העצער און דיריגענטן — לטובת דעם וווקס פון די פאָלקס־כוחות, פון די כוחות פון פאַרשריט און סאָציאַלן איבערבוי. פאַרטראַכט זיך וועגן די רעזולטאַטן פון דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה, און איר וועט זען, אַז אַזוי איז אין דעראמתן.

אויב מיר, די מענטשן, וואָס קעמפן פאַר פאָרשריט און איבער־בוי, שטעלן זיך, נישט געקוקט דערויף, פאַרטיידיקן מיט עקשנות דעם שלום, איז עס דערפאַר, ווייל מיר אָנערקענען נישט קיין אויטאָמאַטיזם אין דער געשיכטע. מיר זענען נישט קיין פאַטאַליסטן. מיר האַלטן, אַז מע דאַרף אַלץ טאָן, בכדי צו פאַרשפּאָרן דער וועלט בלוט־בעדער, כדי דער וועג צו בעסערע צווישנמענטשלעכע באַציִונגען זאָל נישט פירן דורך הויפנס מתים און חורבות פון שטעט.

איך שטאַם פון אַ לאַנד, וואָס זיין פאָלק האָט אין דער לעצטער מלחמה געליטן באַזונדערס שווערע מענטשלעכע און מאַטעריעלע פאַרלוסטן. איך שטאַם פון אַ קאָנטינענט, אויף וועלכן הונדערטער מיליאָנען מענטשן ווילן שוין מער נישט לעבן בלויז אין קורצע איבעררייסן צווישן מלחמה־קאַטאַסטראָפעס. מיר ציילן נישט די רווחים, מיר קענען נאָר די אויסגאַבן און דעם ווערט פון שלום, וואָס לאָזט זיך נישט מעסטן מיט קיין דאָלאַרן. מיר האָבן אַ סך צו אַרבעטן, אַ סך אויפצובויען און איבערבויען — און מיר ווילן נישט, מע זאָל אונדז דאַרין שטערן. מיר גלייבן און ווייסן, אַז אַזעלכע שטרעבונגען באַלעבן היינט אַלע אַרבעטס־מענטשן אויף דער גאַנ־צער וועלט. מיר גלייבן, אַז זיי לעבן אויך אין די ברייטע מאַסן פון אַמעריקאַנישן פאָלק.

טייערע פריינד. גלייבט נישט, ווען מע זאָגט אייך, אַז דער שלום און די פאַרטיידיקונג פון שלום זענען קאָמוניסטישע אימפּרע־זעס. פונקט אַזוי וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז די קאָמוניסטן האָבן אויסגעטראַכט פריינדשאַפט אָדער אַנדערע אידעאַלע געפילן. ניין, דער שלום איז — ווי די אַרבעט און דער וווילשטאַנד — די נאַטיר־לעכע שטרעבונג פון אַלע אָרנטלעכע, פשוטע מענטשן. אויב דער ראַטנפאַרבאַנד און די לענדער פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע, ווי מלוכות, פירן אומבויגזאַם די פּאָליטיק פון פאַרטיידיקונג פון שלום, איז עס דערפאַר, ווייל זיי זענען מלוכהשע אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטנדיקן פאָלק. זיי טענהן, אַז שלום און אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענאַרבעט זענען מעגלעך צווישן לענדער מיט פאַרשידענע אינערלעכע אָרדענונגען — אונטער איין באַדינג, אַז די רעגירנדיקע פון די לענדער זאָלן אויפריכטיק דינען די אינטערעסן פון די אַר־בעטס־מענטשן. די דאָזיקע פעסטשטעלונג איז פאַרשטענדלעך פאַר מיליאָנען פשוטע מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט. עס ווילן זיי נישט אָנערקענען נאָר די, וועלכע זעען אין מלחמות אַ לייכטן קוואַל פון עפעקטיווע רווחים, ווי אויך אַ שאַנס צו ראַטעווען די אייגענע

קלאַסן־הערשאַפט. זיי מאַכן היינט דעם איינדרוק פון מענטשן, וועלכע שרעקן זיך פאַרן אייגענעם מוט. אויב עפעס קילט אָפּ זייער היציקייט, איז עס קודם־כל דער באַוווסטזיין, אַז די כוחות פון פיינטשאַפט צו מלחמה זענען גענוג גרויס און גענוג אַקטיוו, בכדי צו איר נישט צו דערלאָזן. אייער היינטיקע מעכטיקע מאַניפעסטאַציע איז איינע פון די אויסדרוקן פון די דאָזיקע כוחות, איינע פון די ערנסטע וואָרענונגען פאַר אַלע די, וואָס וואָלטן וועלן באַדן דעם שמוציקן עגאָאיזם פון זייערע אינטערעסן יעדע עטלעכע יאָר אינעם בלוט פון פעלקער, אין די טרערן פון פרויען און קינדער, אין דער פיין פון מיליאָנען פשוטע מענטשן.

די הערצער פון די פעלקער פון דער וועלט, וואָס שטרעבן צו שלום, זענען אין דער מינוט — טייערע אַמעריקאַנישע פריינד — צוזאַמען מיט אייך.

# אינהאלט:

